GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

**Volume XXI. No. 3.** **Jersey City, N. J., March, 1939** **Price: 10 Cents**

## די נייע סיסטעם פון קאנטראל אין דער קלאוק־אינדוסטריע

דער קלאוקמאכער דזשאינט באארד האט איינשטימיג אנגענומען דעם פלאן פון צענטראליזירטער קאנטראל, אדער ווי מען האט עס שפעטער א נאמען געגעבען די „יוניפארם סיסטעם פון אינדוסטריעלען קאנטראל“, און אלע פארברייטונגען ווערען געמאכט אים באלד דורכצופירען אין לעבען.

דער פלאן איז פאר א לאנגער צייט דיסקוטירט געווארען אין דער קלאוקמאכער יוניאן. ער איז דיסקוטירט געווארען פון די פירער און באאמטע פון דער יוניאן און אויך פון די מיטגלידער פון דער יוניאן אויף די אלגעמיינע מיטגלידער מיטינגען פון די לאקאלס. עס הייסט, אז דער פלאן איז אנגענומען געווארען נאך א גרינדליכער איבערלעגונג און מיר דארפען דעריבער אננעמען, אז סיי די פירערשאפט סיי די מיטגלידער פון דער קלאוקמאכער יוניאן זיינען פולשטענדיג איבערצייגט, אז די נייע סיסטעם וועט זיין בעסער ווי די ביז איצטיגע, און אז מיט איר הילף וועט מען קענען בעסער קאנטראלירען די ארבייטס־פרייזען און די אנדערע יוניאן באדינגונגען אין דער קלאוק־אינדוסטריע.

די ענדערונג, וואס די נייע סיסטעם פון קאנטראל ברענגט מיט זיך, באשטעהט הויפטזעכליך אין דעם, וואס אנשטאט דעם וואס א ביזנעס אגענט פלעגט ביז איצט האבען אונטער זיין אויפזיכט אלע קלאוק־שעפער פון א באשטימטען דיסטריקט, זאל ער פון איצט אן האבען אונטער זיין אויפזיכט אלע שעפער פון איין מאנופעקטשורער אדער פון איין דזשאבער גאנץ גלייך וואו זיי געפינען זיך. עס הייסט, אז די קאנטראל זאל ניט זיין איינגעשטעלט לויט טעריטאריעס, נאר לויט די שעפער פון די מאנופעקטשורערס, אפגעזעהן פון דעם פלאץ, וואו זיי געפינען זיך. איין ביזנעס אגענט וועט אויף אזא אופן דארפען האבען די אויפזיכט אויף די שעפער פון א מאנופעקטשורער אדער דזשאבער וואס געפינען זיך אין אלע טיילען פון גרויס ניו יארק.

אנפאנגס איז דער פלאן געווען, אז די נייע קאנטראל סיסטעם זאל אויך ארייננעמען אלע אוט אוו טאון שעפער, אבער אויף דעם ראט פון פרעזידענט דובינסקי זיינען אין דעם פרט געמאכט געווארען אייניגע ענדערונגען. פרעזידענט דובינסקי האט אנגעוויזען, אז אין א גרויסער צאל אוט אוו טאון שעפער איז דעם פלאן איינפאך ניט מעגליך דורכצופירען, צוליב דעם, וואס זיי זיינען זעהר ווייט איינע פון די אנדערע און פאר איין ביזנעס אגענט איז עס איינפאך פיזיש ניט מעגליך זיי אלע צו קאנטראלירען. און עס איז דעריבער בעסער, אז אין אזעלכע פאלען זאל בלייבען די אלטע סיסטעם פון טעריטאריעס. פרעזידעט דובינסקי האט אויך אנגעגעבען אנדערע מאטיווען פאר וואס עס איז בעסער אין א סך פלעצער אוט אוו טאון, אז איין ביזנעס אגענט זאל דארט האבען די אויפזיכט אויף אלע שעפער, וואס געפינען זיך דארטען. אבער דער מענעדזשער און די ביזנעס אגענטען פון די אוט אוו טאון קלאוק שעפער דארפען קריגען אינסטרוקציעס פון קלאוק דזשאינט באארד און זיינען צו אים פאראנטווארטליך. עס הייסט, אז די אוט אוו טאון שעפער וועלען שטעהן אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון דזשאינט באארד.

לאמיר האפען, אז אט די נייע סיסטעם פון קאנטראל וועט העלפען דער קלאוקמאכער יוניאן אין איר שווערען קאמף אויפצוהאלטען די פרייזען פון ארבייט און אפצושאפען די קאנקורענץ צווישען איין שאפ און דעם צווייטען.

אין דער איצטיגער שווערער לאגע, אין וועלכער די קלאוקמאכער געפינען זיך, מוזען געזוכט ווערען נייע וועגען און נייע מיטלען ווי אזוי די לאגע צו פארבעסערען. און עס איז צום קרעדיט פון דער קלאוקמאכער יוניאן, אז זי איז קיינמאל ניט געבליבען פארגליווערט און האט אלע מאל געזוכט נייע וועגען און נייע מיטלען. לײדער זיינען ניט אלע מאל די נייע וועגען די בעסטע און די ערפאלגרייכסטע און מען דארף ווידער א מאל זוכען נייע. לאמיר דעריבער האפען, אז דאס מאל איז דער נייער וועג דער ריכטיגער און וועט זיין ערפאלגרייך. די קלאוקמאכער נויטיגען זיך איצט זעהר און זעהר אין א ביסעלע ערפאלג.

נאר זאל עס אויך דערמאנט ווערען, ווי ביי פארשיידענע אנדערע געלעגענהייטען, אז דער ערפאלג פון יעדען פלאן הענגט זעהר פיל אפ פון די מיטגלידער פון דער יוניאן. וועלען זיי אים העלפען דורכפירען, וועלען זיי מאכען אלע אנשטרענגונגען, אז ער זאל זיין אן ערפאלג, וועט ער עס זיין.

און מיר ווילען דערביי באמערקען נאך א מאל, אז ווען רעפארמען ווערען שוין יא געמאכט אין דער קלאוקמאכער יוניאן און די קאנטראל פון קלאוק דזשאינט באארד ווערט אויסגעברייטערט איבער די גרעניצען פון ניו יארק, וואלט עס אויך געווען אין צייט צו מאכען רעפארמעס אין דזשאינט באארד גופא און אים געבען מער מאכט און מער קאנטראל אין די ניו יארקער שעפער, ווי ער האט עס איצט. די יוניאן קאנטראל דארף זיין א ביסעל מער צענטראליזירט אין דזשאינט באארד ווי דאס איז איצט. דאס וועט אויך העלפען בעסער דורכפירען די נייע סיסטעם פון קאנטראל, וואס עס ווערט איצט איינגעפירט און מאכען איר ערפאלגרייך.

* * *

## ניט קיין מזל'דיגע פראבע פון דרעס־דזשאבערס

דאס בינטעל דרעס מאנופעקטשורערס און דזשאבערס, וואס האבען זיך פארבענקט נאך די אמאליגע אלטע גוטע צייטען, ווען מען האט געקענט מאכען דרעסעס אהן דער קאנטראל פון דער יוניאן און האבען פראבירט זייער מזל ניט צו באנייען דעם אפמאך מיט דער דרעסמאכער יוניאן, וואס האט זיך געענדיגט דעם 31טען יאנואר, האבען איבערגעלעבט א גאנץ שלעכטע ערפארונג. די פראבע זייערע איז נעמלאך געווען גאר ניט מזל'דיג און זיי האבען זיך איבערצייגט, אז יענע אלטע גוטע צייטען, נאך וועלכע זיי בענקען, קען מען מער ניט צוריקקערען.

עס זיינען געווען מייסטענס די מאנופעקטשורערס און די דזשאבערס וואס פראדוצירען די ביליגע דרעסעס, וועלכע האבען זיך אפגעזאגט צו באנייען דעם אגרימענט. מערערע פון זיי זיינען געווען מיטגלידער פון דער אסאסיאיישאן און א טייל פון זיי האבען געהאט אינדיווידועלע אגרימענטס מיט דער יוניאן. עס איז אבער קיין אונטערשייד ניט צו וועלכען מין זיי באלאנגען. דער עיקר איז, אז זיי האבען זיך איבערצייגט, אז אהן אן אגרימענט מיט דער יוניאן קענען זיי קיין דרעסעס ניט מאכען. און מען קען עס ניט סיי אין ניו יארק סאי אוט אוו טאון. דער אפאראט פון דער יוניאן האט געארבייט אויסגעצייכענט און אין דער פולסטער הארמאניע. די איינדרוקספולע פיקעט דעמאנסטראציע פון דער יוניאן אין ניו יארק האט געהאט איר פולען אפקלאנג אוט אוו טאון.

מיר שטעלען זיך פאר, אז די סאלידאריטעט פון אוט אוו טאון מיט ניו יארק איז געווען פאר די ניו יארקער דזשאבערס, וואס האבען זיך פארמאסטען מיט דער יוניאן, זעהר א ביטערע אנטוישונג. זיינען דאך אלע זייערע האפנונגען געווען אויף זייערע שעפער אין דער „קאנטרי“, אז זיי וועלען קענען מאכען דארטען די דרעסעס, וואס די יוניאן וועט זיי ניט לאזען מאכען אין ניו יארק. זיי האבען אבער פארגעסען, אז עס איז די זעלביגע אינטערנעשאנאל יוניאן אין דער קאנטרי, וואס אין ניו יארק.

אין קורצען, עס איז געווען זעהר ניט קיין מזל'דיגע פראבע.

## נייע קלאנגען וועגען א שלום צווישען א. פ. ל. און סי. אי. א.

מיר ווייסען ניט אויף וויפיל עס איז ריכטיג דער באריכט פון וואשינגטאן, אז דזשאהן לואיס האט אויף א קאנפערענץ מיט מעיאר לאגווארדיא אויסגעדריקט זיין וואונש צו שאפען שלום אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג און אז ער איז גרייט זיך צונויפצוקומען מיט די פירער פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר צו פארהאנדלען וועגען א פאראייניגונג. אבער עס ווילט זיך אין אים גלויבען. אין דעם באריכט ווערט געזאגט, אז לא גווארדיא וועט זיין דער שלום־פארמיטלער צווישען דער א. פ. אוו ל. און דער סי. אי. א., און אויך אין דעם ווילט זיך גלויבען.

ווען מיר געברויכען די ווערטער „עס ווילט זיך גלויבען“, מיינען מיר דערמיט ניט צו זאגען, אז מיר האבען א גרונד צו גלויבען, אז דער באריכט איז א ריכטיגער. מיר ווילען בלויז זאגען, אז אונז וואלט זיך געוואלט, אז דער באריכט זאל זיין א ריכטיגער, ווייל מיר ווילען, אז עס זאל זיין שלום אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג און אז עס זאל וואס גיכער קומען צו א פאראייניגונג.

די ארבייטער אין אמעריקא געפינען זיך איצט אין א צושטאנד, ווען זיי דארפען פירען א פארטיידיגונגס־קאמף, איידער אן אנגריפס־קאמף. זיי דארפען גיכער פירען א שווערען קאמף צו פארטיידיגען און אנצוהאלטען די פאזיציעס, וואס זיי האבען ביז איצט געוואונען, איידער צו פירען א קאמף צו געווינען נייע פאזיציעס. די מאכט פון די ארבייטער וואלט ווערען פיל שטארקער ניט בלויז צו פארטיידיגען זיך נאר אויך אנצוגרייפען, וואו עס איז נויטיג, ווען זייערע כחות וואלטען געווען פאראייניגט.

און די ארבייטער דארפען זיין איצט פאראייניגט ניט בלויז צוליב דעם עקאנאמישען קאמף, נאר אויך ניט ווייניגער צוליב פאליטישע צוועקען. עס זיינען נאך פאראן א סך סאציאלע געזעצען, וואס דארפען דורכגעפירט ווערען, און א פאראייניגטע ארבייטער־באוועגונג מיט אזא ריזיגער צאל ארגאניזירטע ארבייטער וואלט געהאט זעהר א גרויסען איינפלוס אויפ'ן קאנגרעס. און ניט דאס אליין. עס דערנעהנטערט זיך דער וואהל־קאמף פון 1940, א וואהל־קאמף, וואס וועט שפילען א באזונדערס וויכטיגע ראלע אין דער געשיכטע פון אמעריקא. די רעאקציאנערע כחות אין לאנד פאראייניגען זיך פאר א גרויסען קאמף. קיין געלד־מיטלען וועט זיי ניט פעלען. גרויס־קאפיטאל איז מיט זיי. זייער ציל איז קלאר און אפען — אפשאפען פרעזידענט רוזוועלט'ס „ניו דיעל“ און א שטויס טאן אמעריקא אויף צוריק. זיי האבען אונטער זייער קאנטראל די מערסטע צייטונגען פון לאנד און זיי האבען פארשיידענע אנדערע מיטלען פאר אגיטאציע און פראפאגאנדע. געגען אט דער גרויסער, שטארקער און איינפלוסרייכער רעאקציאנערער פאראייניגונג איז נויטיג א פאראייניגונג פון אלע פראגרעסיווע כחות פון לאנד און אין דער ערשטער ליניע א פאראייניגונג פון דער ארבייטער־באוועגונג.

און ווייל דאס איז אזוי דרינגענד נויטיג, ווילט זיך גלויבען אין יעדען באריכט, אין יעדען קלאנג וועגען א מעגליכען שלום אין די אמעריקאנער ארבייטער רייהען. עס קען זיין, אז די באריכטען און די קלאנגען זיינען א רעזולטאט פון דעם גרויסען וואונש פאר שלום און פאראייניגונג, וואס עס הערשט היינט אין די רייהען פון די ארבייטער און פון זייערע פריינד.

מיר ווייסען, אז מעיאר לאגווארדיא איז זעהר שטארק פאראינטערעסירט אין א שלום צווישען דער א. פ. אוו ל. און סי. אי. א. פונקט ווי פרעזידענט רוזוועלט איז אין דעם פאראינטערעסירט. האט דאך רוזוועלט באאויפטראגט העררי האפקינס, דעם נייעם סעק־

# אינטערנעשאנעל לאקאלס אויפגעפאדערט צו טעלעגראפירן סענאט־קאמיטע נעגען שניידן סומע פאר וו. פּ. א.

פרעזידענט דובינסקי האט אויסגעשיקט בריף צו אלע לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל אויפפאדערנדיג זיי צו שיקן טעלעגראמען צו די יונייטעד סטייטס סענאטארן און פאדערן אז די סומע געלט וואס פרעזידענט רוזוועלט האט פארלאנגט פאר די וו. פּ. א. פראיעקטן צו באשעפטיגן די ארבייטסלאזע, זאל ניט געשניטן ווערן. ווי באוואוסט, האט דער קאנגרעס געשניטן די סומע אויף 150 מיליאן דאלער, און אויב אין סענאט זאל אויך אנגענומען ווערן דער שניט, וועלן ארום א מיליאן ארבייטסלאזע פארלירן זייערע דזשאבס און זייערע לעבנס מיטלען. דובינסקי׳ס בריף צו די לאקאלס איז ווי פאלגט:

„צו אלע אונזערע אנגעשלאסענע לאקאל יוניאנס אין דזשאינט באארדס:

„די האנדלונג פון דער הויז אוו רעפרעזענטאטיווס אין ארונטערשניידן 150 מיליאן דאלער פון דער סומע וואס פרעזידענט רוזוועלט האט געבעטן צו באשטימען פאר דער דאבלו פּ. עי. איז איצט פאר דעם יונייטעד סטייטס סענאט. אויב דער סענאט זאל צושטימען צו דער האנדלונג, וועלן א מיליאן דאבליו פּי. עי. ארבייטער ארויסגעווארפן ווערן פון זייערע דזשאבס און עטליכע מיליאן נפשות וואס זיינען אפהענגיג פון זייערע פארדינסטן וועלן פאראורטיילט ווערן צו די שוידערליכסטע ליידן און הונגער.

„אונזער אינטערנעשאנעל, צוזאמען מיט דער אלגעמיינער ארבייטער באוועגונג, איז שטארק באזארגט איבער דעם אויסזיכט פון אזא פארקלענערונג אין דעם בודזשעט פון דער דאבליו פּי. עי. אין דער איצטיגער אומפאסיגסטער צייט און מיר שטיצן פרעזידענט רוזוועלט אין דעם קאמף פאלשטענדיג.

„עס איז זייער וויכטיג אז דער אינטערעס פון די ארבייטער אין אננעמען דעם פרעזידענט׳ס געזעץ פראיעקט פאר 875 מיליאן דאלאר זאל אויף א קרעפטיגען אופן דעמאנסטרירט ווערן פאר די מיטגלידער פון סענאט. איר ווערט דעריבער אויפגעפאדערט צו לאזען גלייך וויסען די סענאטארן פון אייער סטייט און סענאטאר עלווא ב. אדאמס, טשערמאן פון דער סענאט סאב־קאמיטע אן רעליף, דורך טעלעגראמען, אז דעם פרעזידענט׳ס פארשלאג פאר 875 מיליאן דאלער האט אייער פולע שטיצע און אויפפאדערן זיי צו שטימען פאר דער לעבענס־וויכטיגער האנדלונג.

„פאר אייער באקוועמליכקייט שיקען מיר אייך א סעמפעל־טעלעגראם. מיר בעטען אייך אריינצושיקען צו אונז אין אפיס קאפיעס פון די טעלעגראמעס וואס איר שיקט ארויס.

„ברידערליך אייערע,

דוד דובינסקי,

פרעזידענט. דזשענעראל סעקרעטאר א. ל. ג. וו. י.

# פאשיסטען דעמאנסטרירן נעגען „פינס און נידעלס” אין מאנטרעאל

די פאשיסטען אין מאנטרעאל האבען דעם 23טען יאנואר פרובירט דורכפירען א דעמאנסטראציע געגען דער מיוזיקעל רעוויו „פינס און נידעלס”, וואס די רייזענדע טרופע פון דער אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט וואירקערס יוניאן האט דארט געשפילט צום ערשטען מאל.

ווען דער עולם איז ארויס פון היז מעדזשעסטיס טעאטער נאך דער פארשטעלונג, האט א גרופע פאשיסטען אנגעהויבען שרייען און ווארפען לאזונגען. פאליציי האט די דעמאנסטראנטען פארטריבען, נאר זיי האבען זיך ווידער פארזאמעלט אווילע שפעטער און האבען ווידער אנגעהויבען זייער דעמאנסטראציע. לאנג אנהאלטען האבען זיי עס אבער ניט געקענט. די פאליציי האט זיי ווידער פארטריבען.

„פינס ענד נידעלס”, די מיוזיקאל ריוויו, וואס לעיבאר סטעידזש פון דער אינטערנעשאנאל האט געשאפען און וועלכע שפילט שוין איבער א יאר, איז ווי א דארען אין אויג אלע רעאקציאנערען און פאשיסטען. עס לאכט אויס אויף א זעלטען געלונגענעם אופן די פאשיסטישע מלוכות פון דייטשלאנד און איטאליע אין פארשידענע סצענקעס, מאכט חוזק פון די הימישע רעאקציאנערן, פון דער „נאבעלער געזעלשאפט”. די רייזענדע טרופע האט די טעאטער שפיל אויפגעפירט פאר די לעצטע 40 וואכען איבערן גאנצען לאנד, פון ניו יארק ביז לאס אנדזשעלעס, און האט איבעראל געשפילט פאר געפאקטע הייזער. אלע שיכטען פון דער געזעלשאפט זיינען געגאנגען זען די זעלטענע ארבייטער שפיל, געשפילט פון שאפ ארבייטער מיט אזוי פיל טאלאנט. עס איז געבליבען פאר די פאשיסטען אין מאנטרעאל צו מאכען אן עפענטליכע דעמאנסטראציע געגען דעם און דערמיט באוויזען ווי שטארק עס טוט זיי וויי דער ערפאלג פון דער קאמעדיע.

די רייזענדע טרופע פארענדיגט שוין איצט איר טור, מעלדעט לואיס שייפער, דער אנפירער פון „לעיבאר סטעידזש”. א צווייטע טרופע וועט שפעטער ווידער ארויסגעשיקט ווערן אויפן ראוד מיט [illegible] געענדערטער און מאדערניזירטער שפיל. ווי שייפער גיט איבער זיינען פילע סצענקעס געביטען געווארען לעצטענס און נייע סצענקעס זיינען צוגעשריבען געווארען אזוי, אז אפילו די וואס האבען שוין געזען „פינס ענד נידעלס” לעצטען יאר, וועלן זיכער זי גיין זען נאך א מאל.

אין ניו יארק ווערט נאך „פינס ענד נידעלס” אלץ געשפילט אין לעיבאר סטעידזש טעאטער אכט מאל א וואך פאר געפאקטע הייזער. עס שפילט יעדען אווענט זעקס טעג א וואך און צוויי מאטינעס מיטוואך און שבת.

# מעמבערס, אויפמערקזאם

דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל מעלדעט, אז לויט דער לעצטער ענטשיידונג פון דער אפיעל באארד פון סטעיט אונעמפלאימענט אינשורענס פאנד, קענען מיטגלידער וואס האבען ניט באקומען די פולע סומע ארבעטסלאזען אינשורענס דערפאר וואס זיי האבען פארפעלט צו מעלדען זיך אין סטעיט עמפלאימענט אפיס פארן דאטום וואס איז געווען גערדוקט אויף זייערע קארטען, איצט קריגען נאך א טשעק.

ביז איצט האט זיך געפירט, אז ווען אן ארבייטסלאזער האט זיך ניט געמאלדען אין עמפלאימענט אפיס אין א באשטימטער וואך, האט ער פארלארען זיין טשעק ניט נאר פאר דער קומענדער וואך, נאר אויך פאר דער פארגאנגענער וואך פארן דעיט וואס איז געווען געדרוקט אויף זייער קארד. לויט דער איצטיגער ענטשיידונג האט ער אפיס ניט געהאט קיין רעכט צו פארהאלטען דעם טשעק פאר דער פריערדיגער וואך און האט עס געדארפט אויסצאלען.

אלע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל וועמענס טשעקס עס זיינען געסטאפט געווארען דורך די לעצטע זעקס מאנאטען פאר פארפעלען צו מעלדען זיך אין עמפלאימענט אפיס דארפען זיך גלייך פארבינדען מיט זייער לאקאל אפיס. דער לאקאל וועט גענוי נאכקוקען דעם רעקארד און אין יעדען פאל וואו דער מעמבער איז בארעכטיגט צו נאך א טשעק, וועט ער ארראנזשירען א פארהער. די יוניאן וועט שיקען א פארטרעטער צו די פארהערען צו העלפען די מיטגלידער קריגען די געלט צו וועלכע זיי זיינען בארעכטיגט.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXI. No. 2. February, 1939

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

# אין יוניאן העלטה סענטער

פון פאולין מ. ניומאן

דר. דזשארדזש פרייס, דירעקטאר פון יוניאן העלטה סענטער, רעדענדיג וועגען דעם פארגרעסערטען פלאץ וואס איז באזארגט געווארען פאר׳ן סענטער ערקלערט, אז כאטש עס איז איצט בלויז א פאר וואכען אריין אין נייעם יאר, איז שוין מעגליך פון די אלגעמיינע ציפערן אנצואווייזען אויף דעם פארטשריט וואס די פארשיידענע אפטיילונגען און דער סענטער אלס גאנצער האבען געמאכט דורך דעם פארגאנגענעם יאר.

דר. פרייס ווייזט אן, אז דורך די לעצטע דריי יאר איז די צאל פאציענטען וואס זיינען באהאנדעלט געווארען אין סענטער כסדר געוואקסען. אין 1935 האט דער סענטער געהאט 52,000 וויזיטען; אין 1936 — 62,000; אין 1937 — 72,500 און פארגאנגענעם יאר, 1938, וועט די צאל דערגרייכען ביז ארום 85,000. דאס מאכט אויס ארום 300 באזוכען א טאג און ערקלערט די ענגשאפט פון וועלכער מיר האבען געליטען דורך דעם פארגאנגענעם יאר און אויך דעם באשלוס פון דער באארד אוו דירעקטארס צו פארגרעסערן דעם פלאץ דורך דינגען נאך א האלבען לאפט אין דער געביידע אויף דעם 24טען פלאאר. פון די פינף און אכציג טויזענט באזוכער וואס מיר האבען געהאט זיינען 12,000 געווען אפליקאנטען צו ווערן נייע מעמבערס און ארום 21,000 סיק־בענעפיט קעיסעס.

אינטערעסאנט איז דער פאקט וואס דער יוניאן העלטה סענטער, וועלכער האט דורכ׳ן יאר געהאט ארום 130 טויזענט דאלאר אויסגאבען, ווי מיר האבען עס פאראויסגעשאצט אין דעם ביודזשעט, האט געהאט א דעפיציט וועלכער איז געדעקט געווארען פון דער אינטערנעשאנאל פון בלויז אכצען טויזענט דאלאר, אנשטאט דעם וואס מיר האבען געשאצט אז דער דעפיציט וועט זיין צווישען 25 און 30 טויזענט דאלאר.

דער האלבער לאפט אויפ׳ן 24טען עטאזש וואס מיר האבען געדונגען ווערט איצט איבערגעבויט און עס וועט דויערען ארום זעקס וואכען ביז עס וועט זיין פארטיג. דאס הייסט, אז ארום פעברואר וועלען מיר שוין אנהויבען ארבייטען אין דעם פארגרעסערטען פלאץ.

זאגענדיג דעם אמת, האבען מיר, זעהענדיג ווי די קארפענטערס און פלאמבערס האבען זיך גענומען צו דער ארבייט אויפ׳ן נייעם לאפט פאר׳ן פארגרעסערטען פלאץ, געהאט א טאפעלטען געפיל. פון איין זייט, א געפיל פון צופרידענהייט וואס די אינסטיטוציע וואקסט און אנטוויקעלט זיך אין דער געהעריגער ריכטונג און וועט בעסער זיין אימשטאנד צו באזארגען די פאציענטען, און פון דער צווייטער זייט די גרויסע פאראנטווארטליכקייט וואס איז פארבונדען מיט דעם פארגרעסערטען פלאץ. די געלט וואס עס וועט דארפען אויסגעגעבען ווערען אויף אויסשטאטען דעם פלאץ, רענט און אנדערע אויסגאבען, מיינט א גרעסערער דעפיציט וואס די אינטערנעשאנאל וועט דארפען דעקען. איך גלויב, אז קיינער פילט ניט אזוי שטארק די דאזיגע פאראנטווארטליכקייט, ווי די דירעקטארען און די פארוואלטונג פון סענטער.

ווען מיר באטראכטען אבער דעם נוצען וואס די מיטגלידער וועלען האבען פון דעם פארגרעסערטען פלאץ, פילען מיר אז עס בארעכטיגט די עקסטרא אויסגאבען.

# קאנצערט פון נעגרא מוזיק אין לייבאר סטיידזש דעם 12טען פעברואר

דער ערשטער פון א סעריע קאנצערטען צו באלייכטען די ענטשטייאונג און ענטוויקלונג פון נעגער מוזיק וועט געגעבען ווערן אין לעיבאר סטעידזש טעאטער פון דער אינטערנעשאנאל, זונטאג אווענט, דעם 12טען פעברואר (לינקאלנס געבורטס טאג).

דער ערשטער קאנצערט וועט זיך אפגעבען מיט דער אפריקאנער פעריאדע. קריגס לידער, צערעמאניאלע געזאנגען און די טרויער לידער פון דער קלאסישער פאלקס פעריאדע. זיי שליסען איין די „ספיריטשועלס” און פאלקס באלאדען.

# פון צייט צו צייט

פון צביון



י גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז אַרויסגעקומען מיט אַן ערקלערונג, אַז זי גלויבט ניט, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט דערגרייכט דעם מאַקסימום פון דער פּראָדוקציע און פאַרברויך פון פאַבריצירטע סחורות. דעריבער קען זי ניט אָננעמען די מיינונג פון די, וואָס באַהויפּטען, אַז מיר מעגען זיין גרייט אויסצוהאַלטען אַ שטענדיגע אַרמיי פון ארבייטסלאָזע אויף דעם חשבון פון דער רעגירונג.

דאָס איז פולשטענדיג ריכטיג. דאָס אַמעריקאַנער פאָלק קען פאַרברויכען אַ סך מער, ווי עס ווערט איצט פּראָדוצירט פון די אַמעריקאַנער פאַבריקען. דאָס איז שוין אין דער לעצטער צייט באַוויזען געוואָרען מיט ציפער און צאָלען פון פאַרשידענע אַמעריקאַנער עקאָנאָמיסטען. זאָלען נאָר די אַמעריקאַנער פאָלקס-מאַסען האָבען מיט וואָס צו קויפען און די פּראָדוקציע פון סחורות וועט דאַרפען באַדייטענד פאַרגרעסערט ווערען. עס וואָלט דעמאָלט נאָך אויספעלען ארבייטער, איידער עס זאָלען מיליאָנען ארומגעהן ליידיג.

די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז אויך פולשטענדיג גערעכט, ווען זי זאָגט אין דער ערקלערונג, אַז די פאַרשידענע פאָרמען הילף, וואָס די רעגירונג גיט די ארבייטסלאָזע, — צי דורך דירעקטע שטיצע אָדער דורך ארבייטס-פּראָיעקטען, קענען באַטראַכט ווערען בלויז פאַר צייטווייליגע מיטלען. אָבער זיי קענען ניט געבען קיין ענטפער אויף דער פראַגע פון ארבייטסלאָזיגקייט. קיינער קען ניט באַשטרייטען, אַז דאָס איז דורכאויס אַ ריכטיגע באַהויפּטונג.

אָבער וואָס איז דער ענטפער אויף דער פראַגע פון ארבייטסלאָזיגקייט? ווי שאַפט מען אָפּ די גרויסע ארבייטסלאָזע אַרמיי, וועלכע איז לויט די רעקאָרדס פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר געווען אין דעצעמבער 1938 צען מיליאָן מיט 380 טויזענד? עס איז דער אַלטבאַקאַנטער ענטפער, אַז די פּריוואַטע אַמעריקאַנער אינדוסטריעלע אונטערנעמער, די אַמעריקאַנער פּריוואַטע פאַבריקען מוזען געבען ארבייט די מיליאָנען ארבייטסלאָזע. נאָר וואָס טוט מען, אַז זיי גיבען ניט? דערציילט דאָך די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר אין איר דערקלערונג, אַז אין די צען יאָר פון 1929 ביז 1939 איז פאַראַן אַ שטענדיגע ארבייטסלאָזע אַרמיי, וואָס האָט שוין איין צייט דערגרייכט די צאָל פון 14 מיליאָן און וואָס איר קלענסטע צאָל איז ניט געווען וויניגער ווי 8 מיליאָן. און האָט מען דאָך די גאַנצע צייט געזאָגט און איבערגעזאָגט, אַז דער איינציגער ענטפער איז, אַז די באַלעבאַטים פון די פאַבריקען, די אונטערנעמער, דאַרפען שאַפען ארבייט פאַר די, וואָס זוכען ארבייט. און ניט נאָר האָט מען געזאָגט, נאָר מען האָט אויך אַפּעלירט צו זיי. פּרעזידענט רוזוועלט אַליין האָט אַפּעלירט. אָבער עס האָט ניט געהאָלפען.

די פירער פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר באַגרייפען, ווי עס שיינט, אַז מיט אַפּעלירען אַליין צו די פּאַטריאָטישע געפילען פון די אונטערנעמער וועט מען ניט העלפען, נאָר אַז מען דאַרף זיי געבען עפּעס, וואָס זאָל סטימולירען זייערע פּאַטריאָטישע געפילען. און אָט וואָס עס ווערט געזאָגט אין דער ערקלערונג:

„מיר מוזען זיך ווענדען צו דער פּריוואַטער אינדוסטריע פאַר דער לעזונג פון דער פראַגע פון ארבייטסלאָזיגקייט. אונזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען פאָדערען, אַז דער פּריוואַטער אינדוסטריע זאָל געגעבען ווערען אַלע מעגליכקייטען עס צו טאָן. דאָס איז פאַרבונדען מיט אַן אויסברייטערונג און מיט אַ פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע. דאָס איז דער ערשטער שריט צו באַשאַפען אַ געלעגענהייט צו געפינען ארבייט פאַר די מיליאָנען וואָס זוכען עס.

„דער נעקסטער שריט מוז זיין צו שאַפען קרעדיט און דעם ווילען ביי די אונטערנעמער צו ריזיקירען, צו אינוועסטירען, צו קאָנסטרואירען און צו בויען. פאַר דעם צוועק מוז געשאַפען ווערען אַ גינסטיגע שטימונג. עס מוז אָפּגעשאַפט ווערען די מורא, דער אונצוטרויען אין דער אויפפירונג פון דער רעגירונג אין סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אָנגעלעגענהייטען.

„עס דאַרף געשאַפען ווערען אַ פּאָליטישע און עקאָנאָמישע שטימונג, וואָס זאָל מעגליך מאַכען די פינאַנסירען און די באַלעבאַטים פון דער אינדוסטריע צו קענען אויף דער צוקונפט מיט צוטרויען, כדי זיי זאָלען זיין ווילליג איינצולייגען קאַפּיטאַלען פאַר דער אַנטוויקלונג פון אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און אין דער פאַבריקאַציע און אין דעם פאַרקויף פון פאַבריצירטע פּראָדוקטען".

⁂

אייגענטליך איז דאָס אַ גאַנץ דירעקטע באַשולדיגונג געגען דער רעגירונג פון פּרעזידענט רוזוועלט, אַז זי האָט מיט אירע פירונגען אַרויסגערופען אין די הערצער פון די פינאַנסירען און די באַלעבאַטים פון דער אינדוסטריע אַ מורא, וואָס האַלט זיי אָפּ פון אַריינלייגען זייערע קאַפּיטאַלען אין נייע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע אונטערנעמונגען. דאָס איז אין פולען איינקלאַנג מיט די באַשולדיגונגען, וואָס עס מאַכען די פירער פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי געגען דער רוזוועלט אַדמיניסטראַציע. אָבער זיי זאָגען, אַז אויף דעם פּלאַץ פון רוזוועלט'ס אַדמיניסטראַציע מוז קומען אַ רעפּובליקאַנער, צו וועלכער די פינאַנסירען און די באַלעבאַטים פון דער אינדוסטריע וועלען האָבען צוטרוי. וויל עס אויך די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר? די רעפּובליקאַנער זאָגען אויך, אַז מען מוז אָפּשאַפען רוזוועלט'ס „ניו דיל", אַז מען דאַרף ניט אויסגעבען אַזוי פיל געלד אויף רעליף, ווייל ווי לאַנג רוזוועלט'ס „ניו דיל" האַלט אָן און אַזוי פיל געלד ווערט אויסגעגעבען אויף רעליף, האָבען די פינאַנסירען און די פאַבריקאַנטען מורא אַריינצולייגען נייע קאַפּיטאַלן אין קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. פאַרלאַנגט עס אויך די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר? וויל זי, אַז רוזוועלט זאָל אָפּשאַפען דעם „ניו דיל"? פאַרלאַנגט זי, אַז מען זאָל אויסגעבען וויניגער אויף רעליף? דאַכט זיך דאָ ניט לאַנג, ווען רוזוועלט האָט אין זיין מעסעדזש צום קאָנגרעס פאַרלאַנגט 875 מיליאָן דאָלער פאַר רעליף ארבייט און די פאַרטרעטער פון די באַלעבאַטים אין קאָנגרעס האָבען באַוויליגט בלויז 725 מיליאָן, האָט די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר פּראָטעסטירט און פאַרלאַנגט, אַז דער קאָנגרעס זאָל באַוויליגען די פולע סומע, וואָס רוזוועלט האָט געפאָדערט.

די פינאַנסירען און די אינדוסטריעלע אונטערנעמער פאַרלאַנגען, אַז די רעגירונג זאָל באַלאַנסירען איר בודזשעט, אַז זי זאָל ניט אויסגעבען מער ווי זי נעמט איין. — פאַרלאַנגט עס איצט אויך די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר? קען איצט די רעגירונג באַלאַנסירען איר בודזשעט, ווען זי דאַרף אויסגעבען אַזעלכע גרויסע סומען אויף רעליף?

יאָ, זי וואָלט עס קענען, ווען זי זאָל פאַרגרעסערען איר הכנסה דורך נייע און העכערע שטייערען, אָבער די פינאַנסירען און די אינדוסטריעלע אונטערנעמער וועלען דעמאָלט שרייען נאָך העכער, אַז רוזוועלט באַרויבט זיי און אַז זיי זיינען ניט זיכער מיט'ן מאָרגענדיגען טאָג.

די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר לאָזט וויסען אין איר ערקלערונג, אַז זי האַלט זיך נאָך ביי איר אַלטער פילאָזאָפיע וואָס איז שייך צו פּריוואַטע אונטערנעמונג און פּריוואַטע איניציאַטיווע. זי גלויבט, זאָגט זי, אַז פּריוואַטע איניציאַטיווע און פּריוואַטע אונטערנעמונג דאַרף דערמוטיגט און געשטיצט ווערען. נו, עס וואָלט שוין צייט געווען, אַז די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר זאָל בייטען איר עקאָנאָמישע פילאָזאָפיע און איר גלויבען אין דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם.

אָבער וואָס איז שייך צו דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, האָבען די פינאַנסירען און די אינדוסטריעלע אונטערנעמער זיך ניט וואָס מער צו שרעקען פאַר רוזוועלטען ווי פאַר דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. האָט דאָך רוזוועלט שוין ביי מערערע געלעגענהייטען ערקלערט, אַז ער שטעהט פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און די פינאַנסירען און די אינדוסטריעלע אונטערנעמער האָבען קיין אורזאַך ניט צו צווייפלען אין זיין פאַרזיכערונג. עס האַנדעלט זיך אָבער ביי זיי ניט וועגען רוזוועלט'ס גלויבען אין דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, נאָר וועגען דעם וואָס ער פירט ניט די רעגירונג אין גאַנצען ווי זיי ווילען. זאָל רוזוועלט נאָר איינוויליגען צו פירען די רעגירונג ווי זיי, די פינאַנסירען און אינדוסטריעלע אונטערנעמער פאַרלאַנגען, וועט עס זיי אפילו ניט קימערען, ווען רוזוועלט וועט זאָגען, אַז ער גלויבט אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

⁂

נאָר די עקזעקוטיווע פון דער א. פ. אָוו ל. זאָגט ניט אין איר דערקלערונג עפּעס באַשטימטעס, קאָנקרעטעס וואָס רוזוועלט דאַרף טאָן צו באַרוהיגען די הערצער פון די פינאַנסירען און אונטערנעמער און צו פאַרטרייבען פון זיי די מורא. זי דערצעהלט נאָר, אַז „מאַנכע שטאַרקע, מעכטיגע און איינפלוסרייכע פאַרטרעטער פון פּריוואַטער אינדוסטריע זיינען מיט דער מיינונג, אַז כדי פּריוואַטע אונטערנעמונגען זאָלען קענען פּראָגרעסירען איז עס נויטיג, אַז די געזעצען און די פאַראָרדנונגען אונטער וועלכע די אינדוסטריען מוזען פונקציאָנירען, דאַרפען זיין מער באַשטימט, מער קלאָר און מער פאַרשטענדליך. דאָס, זאָגען זיי, וואָלט סטאַביליזירען די אינדוסטריעלע באַדינגונגען און וואָלט ברענגען דערצו, אַז עס זאָלען זיך אָנפאַנגען פריי באַוועגען די פינאַנציעלע און אינדוסטריעלע קרעפטען וואָס זיינען נויטיג צו פאַרגרעסערען און אויסצושפּרייטען די פּריוואַטע אינדוסטריען".

וואָס זיינען עס פאַר אַזעלכע פאַראָרדנונגען און געזעצען וואָס זיינען ניט קלאָר און ניט פאַרשטענדליך גענוג? — דאָס דערצעהלט אונז ניט די ערקלערונג. אָדער די איינפלוסרייכע פאַרטרעטער פון אינדוסטריע האָבען עס ניט אַרויסגעזאָגט דער עקזעקוטיווע פון דער א. פ. אָוו ל., אָדער זיי האָבען זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען עס האַלטען בסוד. אָבער אויב די גאַנצע זאַך באַשטעהט בלויז אין דעם, וואָס מען דאַרף מאַנכע געזעצען קלערער און פאַרשטענדליכער מאַכען איז זיך דאָך ניטאָ וועגען וואָס צו קריגען. ניט רוזוועלט און ניט דער קאָנגרעס וועלען זיך שטעלען אין וועג. אדרבא, זיי וועלען זיכער העלפען די געזעצען קלערער און פאַרשטענדליכער מאַכען, כדי די באַלעבאַטים פון דער אינדוסטריע זאָלן זיך אויפהערען שרעקען און אַריינלעגען נייע קאַפּיטאַלען און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

נאָר מען דאַרף זיין זעהר נאַאיוו צו גלויבען, אַז די אינדוסטריעלע אונטערנעמער פאַרלאַנגען בלויז, אַז מאַנכע געזעצען זאָלען געמאַכט ווערען קלערער און פאַרשטענדליכער און דעמאָלט וועלען זיי אַריינוואַרפען זייערע אָפּגעשפּאַרטע באַהאַלטענע קאַפּיטאַלען אין נייע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אָדער צו פאַרגרעסערען די אַלטע. די באַלעבאַטים ווילען פיל מער. זיי ווילען, אַז מען זאָל אָפּשאַפען די געזעצען און די פאַראָרדנונגען, וואָס זיינען כלומרשט ניט קלאָר און פאַרשטענדליך גענוג און ניט בלויז זיי קלערער און פאַרשטענדליכער מאַכען. און די עקזעקוטיווע פון דער א. פ. ל. ווייס עס.

די באַלעבאַטים ווילען, אַז מען זאָל אָפּשאַפען דעם וואַגנער געזעץ און נאָך איניגע געזעצען וואָס געפעלען זיי ניט.

עס האָט זיך גראַד אַזוי געטראָפען, אַז אין דעם זעלביגען טאָג, וואָס די עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז אַרויסגעקומען מיט איר ערקלערונג, אַז די רעגירונג דאַרף טאָן אַלץ וואָס איז מעגליך צו פאַרטרייבען די מורא פון די הערצער פון די גרויסע באַלעבאַטים און באַשאַפען פאַר זיי אַ שטימונג, אַז זיי זאָלען וועלען אַריינלעגען זייערע קאַפּיטאַלען אין נייע אונטערנעמונגען אָדער אויסברייטערען די אַלטע, זיינען די גרויסע באַלעבאַטים אַרויסגעקומען מיט אַ פאָדערונג, אַז דער וואַגנער ארבייטער געזעץ זאָל אָפּגעשאַפט ווערען. זיי פאָדערען ניט, אַז דער וואַגנער געזעץ זאָל ווערען געמאַכט קלערער און פאַרשטענדליכער, נאָר זיי פאָדערען, אַז ער זאָל אין גאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען.

⁂

מען מעג חושד זיין, אַז אין דער עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס עס וועט זיי גאָר ניט קימערען, ווען דער וואַגנער ארבייטער געזעץ זאָל אָפּגעשאַפט ווערען. ווענינגסטענס האָב איך אַזוי דעם איינדרוק. עס זיינען דאָרטען פאַראַן אַזעלכע, וואָס קענען זיך נאָך היינט ניט באַפרייען פון זייער אַמאָליגער פאַרשימעלטער פילאָזאָפיע, אַז די רעגירונג דאַרף זיך ניט אַריינמישען אין דעם קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט ווען דאָס זאָל אפילו זיין צו גונסטען פון די ארבייטער. זיי זיינען פאַקטיש נאָך היינט געגען ארבייטער געזעצגעבונג, נאָר זיי שעמען זיך עס אַרויסצוזאָגען אָפען, ווייל די אָפיציעלע פּאָליטיק פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, ווי זי איז אָנגענומען געוואָרען אויף אירע לעצטע קאָנווענשאָנס, איז פאַר ארבייטער געזעצגעבונג. און ווען די פירער פון דער א. פ. אָוו ל. זיינען ניט צופרידען מיט דעם וואַגנער ארבייטער געזעץ איז עס בלויז מיט מאַנכע פונקטען פון אים, וואָס זיי ווילען אויסבעסערען, אָבער זיי פאָדערען ניט, אַז דער גאַנצער געזעץ זאָל אָפּגעשאַפט ווערען, ווי די באַלעבאַטים ווילען עס.

נו, עס וואָלט געווען בעסער, ווען די פירער פון

רעטערי אוו קאמוירס, אז ער זאל זיך באמיהען צו מא־כען א שלום צווישען די צוויי דערמאנטע ארבייטער־ארגאניזאציעס. עס איז ניט באקאנט וואס האפקינס האט ביז איצט געטאן וועגען דעם, אבער עס איז קיין צווייפעל ניט, אז ער האט זיין אויפגאבע ניט פארגעסען. האפקינס איז איינער פון די וויכטיגסטע פראגרעסיווע מיטגלידער פון רוזוועלט'ס אדמיניסטראציע און ער ווייס וואס פאר א גרויסע באדייטונג עס האט א שלום אין דער ארבייטער באוועגונג פאר דער פאליטיק פון דער איצטיגער רעגירונג.

עס זיינען דעריבער פאראן אורזאכען צו האפען, אז א שלום אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג איז נענטער, ווי עס האט פריהער אויסגעוויזען. און ווען די האפנונג וועט פארווירקליכט ווערען וועט א גרויסער טייל פון דעם קרעדיט פאר דעם געשאפענעם שלום זיכער פארשריבען ווערען אויף דער קאנטא פון אונזער אינטערנעשאנאל און איר פרעזידענט, דייוויד דובינסקי.

***

## דער קאמף פון די באלעבאטים געגען דעם וואגנער ארבייטער־געזעץ

עס האט זיך אנגעפאנ־גען א קאנצענטרירטע אטא־קע געגען דעם וואגנער אר־בייטער־געזעץ און עס דאר־פען דעריבער פאראייניגט ווערען אלע כוחות, וואס קע־נען פאראייניגט ווערען, דעם געזעץ אפצוראטעווען. דער וואגנער געזעץ איז דער וויכטיגסטער געווינס פון די ארבייטער פון די אלע סאציאלע רעפארמען אונטער רוזוועלט'ס אדמיניסטראציע. דער וואגנער־געזעץ זי־כערט דאס רעכט פון די ארבייטער זיך צו ארגאניזירען און פון קאלעקטיווע פארהאנדלונגען, און שיצט זיי גע־גען קאמפאניע יוניאנס, וועלכע זיינען געווארען די קללה פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

דער וואגנער־געזעץ איז פון אנפאנג אן אויף דעם שארפסטען אופן באקעמפט געווארען פון די באלעבאטים. זיי האבען צוערשט אנגעווענדט זייער גאנצען איינפלוס, אז דער געזעץ זאל ניט אנגענומען ווערען פון קאנגרעס און ווען דאס איז זיי ניט געלונגען, האבען זיי ארגאניזירט א קאמף געגען אים, אז ער זאל ערקלערט ווערען אונ־קאנסטיטוציאנעל פון געריכט און ווען זיי האבען אויך דעם קאמף פארלארען, האבען זיי זייער קאמף געגען אים אי־בערגעטראגען אין קאנגרעס, אז מען זאל אים דארטען אזוי צורעכט מאכען, אז ער זאל אין גאנצען פארלירען זיין נוצליכקייט פאר די ארבייטער. די באלעבאטים האָ־פען, אז אין דעם איצטיגען קאנגרעס וועט זיך זיי דאס איינגעבען, ווייל זיי האבען אין אים א פיל גרעסערע צאל פארטרעטער, וואס זיינען טרייער איבערגעגעבען צו זיי־ערע אינטערעסען.

און עס איז א גרויסער פארדרוס, וואס אויך די פירערשאפט פון דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר באקעמפט דעם וואגנער געזעץ אין זיין איצטיגער פארם. מיר ווילען דא ניט דיסקוטירען די פראגע אויף וויפיל עס זיינען גערעכט די אויסזעצונגען פון דער א. פ. אוו ל. געגען מאנכע פונקטען פון געזעץ, ווייל ווען מען זאל אפשר אננעמען, אז זיי זיינען גערעכט פון איר שטאנד־פונקט, דארף די א. פ. אוו ל. אויך איצט זיך צוריקהאל־טען פון איר פאדערונג, אז דער געזעץ זאל רעווידירט ווערען. עס דארף זיין קלאר פאר איר, אז רעווידירען איצט דעם געזעץ אין קאנגרעס מיינט שטעלען אין גע־פאר די גאנצע ניצליכקייט פון געזעץ פאר די ארבייטער. ווען דער קאנגרעס זאל זיך נעמען רעווידירען דעם וואג־נער־געזעץ וועט ער נאטירליך זיך ניט אפשטעלען בלויז ביי די אויסבעסערונגען, וואס די אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר פאדערט, נאר ער וועט זיך אויך רעכענען מיט די פארלאנגען פון די באלעבאטים און באטראכטען די אויסבעסערונגען וואס זיי פאדערען. און ווען עס ווערען אין דעם וואגנער־געזעץ דורכגעפירט ווערען אלע „אויס־בעסערונגען", וואס ווערען געפאדערט, וועט ער קענען באטראכט ווערען אזוי גוט ווי אפגעשאפט אין גאנצען, ווייל ער וועט פארלירען זיין ניצליכקייט פאר די אר־בייטער.

די ארבייטער און זייערע פריינד מוזען דעריבער פאראייניגען אלע זייערע כוחות צו באשיצען די עקזיס־טענץ פון דעם וואגנער־געזעץ, ווייל עס וועט זיין א גרויס אומגליק פאר די ארבייטער ווען זיי וועלען אים פארלירען.

***

## ש' יאנאווסקי

מיט דעם טויט פון ש. יאנאווסקי האט די אידישע ארבייטער באוועגונג פארלא־רען איינעם פון אירע אמאליגע פאפולערסטע און קא־לירפולסטע פירער אוןווארט־זאגער.

מיר זאגען „אמאליגע", ווייל אין די לעצטע יארען איז ש. יאנאווסקי, צוליב זיין שוואכען געזונד און צוליב די געענדערטע צושטענדען און באדינגונגען אין דער אי־דישער ארבייטער באוועגונג ניט געווען מער אקטיוו און איז געשטאנען אן דער זייט. מען קען זאגען, אז זיין לאנגיאריגע דירעקטע אקטיוויטעט אין דער אידישער אר־בייטער באוועגונג האט אויפגעהערט, ווען ער האט צום סוף פון יאר 1925 רעזיגנירט אלס רעדאקטאר פון דער „גערעכטיגקייט".

ש. יאנאווסקי איז באשאנקען געווארען פון דער נא־טור מיט צוויי גרויסע מתנות — א שריפטשטעלערישען טאלאנט און א רעדנער־קראפט, און ער האט זיי ביידע אויסגענוצט אין דער פולסטער מאס פאר דער אידישער ארבייטער־באוועגונג.

די „פרייע ארבייטער שטימע", פון וועלכער ש. יא־נאווסקי איז געווען יארען לאנג דער רעדאקטאר, האט געהאט אזא גרויסען איינפלוס, וואס קיין אנדער אידישע וועכענטליכע צייטונג האט עס ניט געהאט. עס איז ניט געווען די אנארכיסטישע באוועגונג, וועמענס ארגאן די „פרייע ארבייטער שטימע" איז געווען, וואס האט איר געשאפען דעם גרויסען איינפלוס, נאר איר רעדאקטאר ש. יאנאווסקי, וואס האט אין איר גאנץ אפט אויסגעדריקט מער זיין אייגענע מיינונג, ווי פון אירע ארויסגעבער.

ווען די אינטערנעשאנעל האט אנגעפאנגען ארויס־געבען די „גערעכטיגקייט" אלס איין צענטראלע צייטונג פאר אלע יוניאנס, וואס זיינען אן איר אנגעשלאסען, אנ־שטאט די באזונדערע צייטונגען, וואס די קלאוקמאכער („נייע פאסט") און די דרעסמאכער („גלייכהייט"). הא־בען ארויסגעגעבען, און ש. יאנאווסקי איז אנגעשטעלט געווארען פאר איר רעדאקטאר, האט ער געקראגען א ניי גרויס פעלד אויסצונוצען זיינע פעהיגקייטען. די אינ־טערנעשאנעל איז אין יענער צייט נאך געווען הויפטזעכ־ליך א אידישע יוניאן און די „גערעכטיגקייט" איז געווען די הויפט־צייטונג פון דער יוניאן. זי איז געווען א גרויסע וועכענטליכע צייטשריפט און האט געהאט א גרוי־סען איינפלוס אויף די מיטגלידער פון דער יוניאן. די אינטערנעשאנעל האט אויך אויסגענוצט ש. יאנאווסקי'ס אראטארישע פעהיגקייטען און ער האט אויך אויף דעם געביט געהאט א גרויסע ווירקונג.

עס זיינען אבער אנגעקומען שטורעמדיגע טעג אין דער אידישער ארבייטער באוועגונג, וועלכע האבען אנ־גענומען גאנץ באזונדערס שארפע פארמען אין דער קלאוקמאכער יוניאן און אין דער אינטערנעשאנעל אין אלגעמיין. אלס א רעזולטאט פון זיי זיינען פארגע־קומען גרויסע ענדערונגען אין דער יוניאן און אויך אין דעם פערזאנאל פון דער פירערשאפט פון דער יוניאן און צווישען די, וואס האבען זיך דעמאלט געשידען מיט דער אינטערנעשאנעל איז אויך געווען ש. יאנאווסקי.

מיט יאנאווסקי'ס טויט האט זיך כמעט ווי פארענ־דיגט דאס אפשטארבען פון א גאנצען דור — דער דור אין וועלכען יאנאווסקי איז געווען אזוי טעטיג און פון וועלכען ער איז געווען איינער פון די פאפולערסטע לערער און פירער. ער איז געווען איינער פון די איינפלוס־רייכסטע אויפקלערער פון זיין דור מיט זיין פען און מיט זיין צונג. און עס איז אפשר געווען די טראגיק פון די לעצטע יארען פון זיין לעבען, וואס ער האט געזען ווי זיין דור איז אפגעשטארבען און מיט אים אויך די ספערע פון זיין ווירקונג און איינפלוס. ער האט זיך אבער געקענט טרייסטען און זאגען, אז ער האט ניט געלעבט אומזיסט, אז ער האט מער ווי זיין טייל געטאן פאר זיינע מיט־מענשען און אז ער האט זיין גאנצען לעבען אויסגעפילט מיט דעם קאמף פאר א בעסערע, שענערער און גערעכ־טערער וועלט. אין דער געשיכטע פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג וועט דעריבער דער נאמען ש. יא־נאווסקי שטענדיג פארנעמען אן אנגעזעהענעם פלאץ.

ערע זיין אנדענקען.

---

# פאבלען

פון נחום יוד

## דער הונט און דער וואלף

א הונט וואס האט ניט שלעכטע קעסט געהאט ביים פויער,
און אויך אין ווינטער־צייט א ביידעל הינטער טויער,
האט זיך צעשמועסט מיט דעם וואלף פון פעלד:
— „דו ביסט דאך שוין, דאנק גאט, א וועלפעל ניט קיין יונגער,
און ווייסט דאך גוט די וועלט —
פארוואס זאלסט דו דאס שטענדיג ליידען קעלט און הונגער?
נישט איינמאל האב איך שוין געפרעגט ביי זיך אליין:
דו האסט דאך, וואלף, אזוינע ציין,
וואס איז גאר א סכנה
אפילו צו דערמאנען,
דאך לעבסטו דו אפ דיין וועלט אין צער,
אין שטענדיקער געפאר,
און אפטמאל מוזט דו נאך אומזיסטע שרעק פארטראגען"...
— „מען רופט דיך הונט — און ווייסט פארוואס? —
האט אים מיט גרויס פארדראס
דער וואלף איבערגעשלאגען —
ווייל פאר א ברעקעל וואס מען ווארפט אוועק,
איז רעכט ביי דיר צו דרייען מיט'ן ע ק
און היטען גאנצע טעג אויף אלע הויפען, —
און איך, ווי גרויס עס זאל ניט זיין מיין נויט,
וועל פאר א ברעקעל ברויט
זיך קיינמאל ניט פארקויפען".

**

מעגסט בלייבען ביי דיין שטאלץ, רב וואלף, און זיך דערביי
אפילו גאר א האר ניט קלעמען:
ווייל אויפ'ן הויף צו זיך וועט פיי־וויי־פיי
דער פויער פאר א שומר דיך ניט נעמען...

---

## ד ע ר ל י י ב

א הונט וואס האט דעם לייב אלס פריינד געהאט,
ניט קאנענדיג זיך אנלויבען מיט אים צו זאט,
האט אים אמאל א נייע חניפה צוגעטראגען:
— „איך מוז דיר זאגען,
אז אויף דער גאנצער וועלט,
סיי אין די ים'ען, סיי אין וואלד און פעלד
איז גאר ניט צו געפינען
נאך אזא מעכטיגען און בראווען העלד,
וואס זאל אזוי ווי דו, אן פאלשקייטען, פארדינען
די הערשאפט און די קרוין!
א קלייניגקייט — פון דיין געשריי אליין
פארלירען אלע חיות דאך דעם זינען,
און ווארפען זיך אין פחד אויף דער ערד"...
— „און דאך, — געענטפערט האט דער גבור אים פארקלערט, —
ס'איז, דוכט זיך, גאר צום לאכען,
א שוואכער מוק קאן מיך אמאל משוגע מאכען..."

יענער איז געווען קאַרג, אַ שרעק. אַ שטיקעלע באַיעס האָט ער אָפּגעהיט. איבער אַ ניקעלע אַ רעיז האָט זיך דאָ געטאָן חושך. איצט ליגט ער אין דער ערד. נו?

— האָט לאַנדאָן געעפענט אַ האַנט מיט אַ טענה, — האָט זיך דאָס געלוינט? קען זיך אַ מענש באַוואָרענען?

די טיר פון אָפּיס האָט זיך מיט אַמאָל געעפענט. מר. פינקעל איז אַריינגעקומען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. ער האָט געהאַלטען עטלאַכע רויטע קאַרטלעך, לעבען צושנייד־טיש האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, גענומען שאָקלען מיט׳ן קאָפּ און, ווי געוויינליך גענומען רעדען אָפּשפּעטענדיג.

— מיינע באַלמעלאַכעס! מע שטייט אין די קאָוטס, מע קומט איינגאַנצען נישט! וואָסי, אין סלעק־טיים קומט מען ניט אַריין אין שאָפּ?

פון די אויבערשטע גאַרענס, פון די זייטיגע שעפער האָבען זיך מיט אַמאָל אַ לאָז געטאָן לויפען די נייה־מאַשינען.

— גזיררר! גזיררר!

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט פאַר׳ן קאָפּ און גענומען שרייען:

— ס׳איז איינס דער זייגער. לאָז די פּאַוער. זיצט ביי די מאַשינען, לעזט אַ פּייפּער, ניט שטייט ארום די טישען. איך וועל אייך באַלד געבען אַרבייט. זיצט!

ער האָט אַ שמיץ געטאָן די נומערירטע קאַרטלעך אויפ׳ן צושנייד־טיש און אָנגעצונדען דעם עלעקטרישען לאָמפּ.

עס איז געוואָרען שטיל. מען האָט געקענט הערען דאָס וויגען זיך פון דעם עלעקטרישען לאָמפּ, וואָס האָט זיך ניט געקענט איינשטעלען פון מר. פינקעל׳ס ציבים שטריקעל. די צוויי אַרבייטער האָבען ווידער נישט געקענט פאַרשטיין, צי איז שוין אַ סוף צו אים, אָדער עס איז בלויז אַנשטעל. וואולף האָט זיך דערמאָנט פון אַנדערע שעפער, וואו ער האָט געאַרבייט, וואו ער איז געווען שאָפּ־טשערמאַן. אויך דאָרטען האָבען פיל באַסעס געלאָזט לויפען די רעדער, די קויפערס זאָלען מיינען אַז דאָס רעדעל דרייט זיך. ער וויל אָבער ניט זיין קיינעמס נאַרישער משרת. זאָל ער אַליין לאָזען די עלעקטריע.

די טיר פון שאָפּ האָט זיך געעפענט. עס איז אַריינגעקומען די חנ׳עוודיגע איירין. צוליב דער שטילקייט איז זי געבליבען שטיין ביים טיר און זיך ארומגעקוקט. מר. פינקעל האָט זיך צו איר אויסגעדרייט.

— איר פּאַסט שוין אויך ניט צו קומען אין שאָפּ!

— איך האָב גאַרניט פאַרשפּעטיקט! — האָט זי געענטפערט מיט ביטול.

איירין האָט זיך שמייכלענדיג באַגריסט מיט וואולפען. זי האָט פּאַמעלאַך אויסגעטאָן איר שוואַרצען טוכענעם מאַנטעל. וואָלפ׳ן איז מיט אַמאָל מער פון אַלץ אַ שאָד געוואָרען, וואָס איירין וועט פאַרלירען איר שטיקעל ברויט, פון וועלכען זי שפּייזט זיך און איר מוטער. ווי נאַריש ער איז געווען, וואָס ער האָט פּלאַנירט, אַז זיי זאָלען חתונה האָבען, וואויגען דערווייל מיט איר מוטער, און דערנאָך ווייטער אַ שטיקעל צייט צוזאַמען אַרבייטען, ביז זיי וועלען אויפבויען אַ שטיקעל היים. נאָך גוט וואָס ער האָט איר וועגען דעם אַלעם גאַר ניט געזאָגט.

אַצינד וועט ער אָפּילו ניט האָבען קיין מעגליכקייט איר צו זען. דער שאָפּ וועט זיך פאַרמאַכען. ער וועט זיך ארומדרייען פאַר די געביידעס פון קליידער־מאַרק, זוכען באַקאַנטע, אויב ניט קיין דזשאָב, איז כאָטש אַ קוואָדער אויף אָפּצועסען. באַקאַנטע וועלען אים באַדויערען. אַז ער וועט דערזען ערגעץ איירינען, וועט ער אָפּציען — טאַקע, ווי וועט ער זיך קענען ווייזען פאַר איר מיט אַזאַ פּנים?

— וואָס טומעלט ער אַזוי, דער משוגענער? ער האָט שוין געוויס אַריינגעקראַגען אַ דאָזען דרעסעס צו מאַכען! — האָט איירין געזאָגט גלעטענדיג איר העלגראָען סוועטער מיט אירע לענגלאַכע ווייסע הענט.

וואולף האָט געהאַלטען אַ שטיקעל זייד און געדריוועלט פּעדעמלאַך. ער האָט זייטיג געכאַפּט בליקען אויף איירינען. איר ערנסט, דראָבנע פּנים׳על איז געווען פריש, אויסגעשלאָפען, די גראָע אויגען צעוואָרעמט מיט אַ גלאַנציגען פיבער. איר טונקעלע הויט שטייף אויסגעצוויקט פון ווינט. וואולף האָט פאַרביסען די ציין, ניט אַרויסצופּלאַצען.

ביים צושניידער־טיש איז שוין געשטאַנען דער צושניידער אוירווין. אַן אויסגעטאָגענער און ווי פאַרשלאָפען, האָט ער באַטראַכט די רויטע קאַרטלאַך. דער באַלעבאָס פינקעל איז ווידער אַריינגעקומען פון אָפּיס. ער איז גלייך צוגעלאָפען צום מאָטאָר, אַ צי געטאָן ביים הענטעל.

דער וואָל האָט גענומען איינטאָניג קלאַפּען איבער דעם שטילען ליידיגען שאָפּ.

— הודזש, הודזש, הודזש...

עס האָבען זיך גענומען באַווייזען אַנדערע אַרבייטער — דער שוואַרצער מוישקע, מעקסי מיט די בלאָנדע וואָנצעלאַך, די צוויי חבר׳טעס סערקע מיט רעיען, די מיטעל־יאָריגע מיסיס וואָלאָך. אַלע האָבען זיך אין איילעניש געלאָזט צו די מאַשינען. יעדער האָט דערווייל גענומען טאָן עפּעס פאַר זיך. מוישקע האָט גענומען נייען קליידלאַך פאַר זיינע טעכטערלאַך, סערע מיט רעיען האָבען פון שטיקלאַך זייד אויסגענייט קישעלאַך, מעקסי האָט זיך געטשעפּעט צו דער דאַרער פאַרשלאָפענער ריני די רייניגערין. ער האָט איר יעדע ווייל אַ כאַפּ געטאָן ביי די הענט, און זי האָט אים לייכט געפּעטשעלט. בלויז איירין איז געווען ערגעץ פאַרשוואונדען. וואולף האָט איר מיט די אויגען ארומגעזוכט. באַלד איז זי אַרויסגעקומען פון דעם קעמערעל פאַר די פרויען זיך איבערצוטאָן. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנג קלייד פון שטילער פּורפּור־רויטקייט. מעקסי האָט איבערגעלאָזט ריני׳ן און צוגעלאָפען אַ פאַרכאַפּטער.

— מאַי, גאָש! זעסט דאָך אויס, איירין דאַרלינג, ווי אין אַ חלום!

ער האָט איר אויפגעהויבען אין דער לופטען און זי צוגעטראָגען צום טיש.

— אַלבעטשע, איירין, די גייסט חתונה האָבען! ווער איז דער גליקלאַכער מאַן? ווער וועט עס באַלד מוזען שטעלען שנאַפּס? — האָט מעקסי געשריגען און קלוגיטשקע געשמייכעלט צו וואולפ׳ן.

אַלע, וואָס זיינען געזעסען ביי די מאַשינען, האָבען זיך אויסגעדרייט, סערע מיט רעיען האָבען פון קנאה געקראַגען בייזע נעז.

אוירווין, דער צושניידער, האָט שוין דעמאָלט פאַרבונדען די עטלאַכע צושניטענע קליידלאַך און אַ רוף געטאָן:

— באַיעס, ווער איז נעקסט?

עס איז געוואָרען אַ געמורמעל ביי די מאַשינען.

— איך בין געקומען פריער.

קוק אויף דער ליסט! וואָס הייסט, אַריינכאַפּען?

— מען כאַפּט נישט! איך בין אַ גלייכער יוניאָן־מאַן ווי עניבאָדי עלס!

וואולף האָט זיך צוריק דערמאָנט, אַז ער און אַלע דאָ האָבען געהאַט אַ ביטער יאָר און קיין גוטס זעט זיך דאָ נישט. אויך איירין האָט זיך געפילט אין אַ מאָדנער פאַרלעגענהייט אין איר ניי קלייד, מיט איר פּלוצימדיגער פרייד.

וואולף האָט אָנגעוויזען אויף דעם שוואַרצען מוישקע, אויף דער מיסיס וואָלאָך און אַליין האָט ער זיך שטיל אַרויסגערוקט פון שאָפּ.

⁂

צומאָרגענס זיינען מיינסטע אַרבייטער געקומען פרי צו דער אַרבייט, אַזוי ווי מר. פינקעל האָט פאַרלאַנגט. די טירען זיינען אָבער געווען פאַרשלאָסען. יעדע ווילע האָט זיך דער עלעווייטאָר געעפענט און אַנדערע אַרבייטער זיינען אָנגעקומען. אין דעם שמאָלען דורכגאַנג איז געוואָרען אַן ענגשאַפט. מען איז געשטאַנען אין די שווערע ווינטער מלבושים. דער נידעריגער מוישעלע איז געווען געל, דאָס פּנים שלאָבערדיג געראונצעלט. דער פּרעסער דזשעק, אַ האַרט פּנים׳דיקער מענש, האָט גערויכערט אַ סיגאַרעט נאָך אַ סיגאַרעט. דער הויכער לואי האָט זיך ארומגעדרייט מיט די הענט אויפ׳ן בויך ווי ער וואָלט אינעווייניג געהאַט קראַמפּען.

— וואָס מיינט ער זיך, מאַכט מענשען צום נאַר!

פון די אַנדערע שעפּער פון דעם זעלבען גאָרן האָט בלויז געאַרבייט די „בליובוירד דרעס קאָ." די שויבען זיינען דאָרט געווען באַלויכטען, די צושנייד־מאַשינען האָבען געזשומעט ווי פליענדיגע עראָפּלאַנען.

— אין לייטישע שעפּער פאַנגט זיך שוין אָן דער סיזאָן, — האָט מוישעלע געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

דער הויכער לואי האָט ווי גערעדט צו זיך און אָנגעוויזען אויף זיין דלאַניע:

— אַז פון דעם שאָפּ וועט זיין אַ לייט, וועט מיר דאָ האָר אַרויסוואַקסען!

— בייס דיר אָפּ די צונג, דו הויכער יאָלאָפּ! — האָט אים דזשעק געענטפערט.

— איך זאָל די טויזענטער האָבען וויפיל שעפּער ס׳וועלען זיך צום סיזאָן פאַרמאַכען. ער איז ניט איינער.

וואולף איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל. דאָס האַרץ האָט אים מער ניט געשראָקען. ער איז געשטאַנען אַ פאַרהאַרטעוועטער, אַן אויסגעלײדיגטער. ער האָט געוואוסט, אַז דער סוף איז שוין געקומען. ער האָט ניט געוואָלט קיינעם פאַרשאַפען קיין ווערטאָג מיט דער בשורה. אַלע וואַרטען דאָ, וועט ער אויך וואַרטען.

וואו האָט ער דען צו גיין? אין הויז זיצען אין דער פרי קען ער ניט. זיין באַלעבאָסטע וועט אַריינקומען צורוימען און אים ווידער געבען אַנצוהערען, אַז אין אַמעריקע צאָלט מען פאַראויס. פאַר יעדער זאַך פאַראויס. ער קען זיך מער ניט מאַכען טויב. ניין, ער קען ניט מער.

מעקסי האָט זיך געגענאיבער אים אָוועקגעשטעלט, אים באַטראַכט. אַן אָפּשפּעטענדיג שמייכעלע איז אים אַראָפּגעקראָכען פון זיינע בלאָנדע וואָנצעלאַך.

— וואָס האָסטו דאָ אין בוזים?

וואולף האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע רעיונות. אַלע האָבען אויף אים געקוקט.

— אַ, דאָס? אַ ביכעל! — האָט ער געענטפערט גלייכגילטיג.

— אים איז גוט! אונזער טשערמאַן לייענט זיך ביכער! באַיטשיק, וועסט ווערען צופיל געבילדעט, וועט זיך דיר ס׳קעפּעלע צומישען.

דער עלעווייטאָר האָט זיך געעפענט. עס איז אַרויסגעקומען איירין אַ צופרוירענע, אַ נעבאַכדיגע. לואי דער פּרעסער האָט געזאָגט ווי צו זיך:

— נו, די פּרימאַדאָנע איז שוין אויך דאָ. דער גאַנצער סעט איז שוין פאַראַן.

איירין האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ פּאָר בייזע אויגען.

וואולף האָט איר באַטראַכט. עס האָט אים ארומגעכאַפּט אַ גרויס רחמנות צו איר. מסתמא האָט זי נעכטען פאַרבראַכט מיט דעם שכן, דעם פון דער דעליקאַטעסען סטאָר. ער האָט אים דערזען פאַר זיך, ווי ער שטייט מיט׳ן לאַנגען מעסער צווישען וואורשטען און גערויכערטע פלײשען, אַ צושטראַלטער, מיט רויטע בעקלאַך, מיט קליינע וואַסערדיגע אויגעלאַך.

דער עלעווייטאָר האָט זיך ווידער געעפענט. עס איז אַרויסגעקומען סיי דעם באַלעבאָס׳ שוואָגער, אַ הויכער יונג מיט אַ ראָזעווע איינגילש פּנים. ער האָט צוגעקנעפּעלט דעם פּאַלטאָ, אַרויסגענומען די שליסלען און ניט קוקענדיג אויף קיינעם האָט ער געזאָגט:

— דער שאָפּ איז פאַרמאַכט. איר קענט גיין אַהיים.

די עלטערע באַלמעלאַכעס זיינען צו אים צוגעלאָפען מיט אַ יאָמערלאַכען געפילדער. וואָס איז געשען? פאַר וואָס, פאַר ווען? צי וועט מען דעם שאָפּ צוריק עפענען? נאָר סיימאָן האָט זיך גענומען בייזערען:

— וואָס ווילט איר? קלאָוזד, און דהאַט׳ס אָל!

עס איז געוואָרען אַ ווײלע שטיל, ווי מען וואָלט די מענשען איבער די קעפּ דערלאַנגט. באַלד איז געוואָרען אַ גערעדעריי.

— וואו ווייס איך וואו צו גיין?

— לאָמיר גיין אין יוניאָן אַריין.

— נאַרעלע, וואָס קען דיר די יוניאָן העלפען?

איירין האָט זיך געפּלאָנטערט צווישען דעם טומלענדיגען עולם, ווי זי וואָלט עמיצען געזוכט. אַז זי האָט דערזען וואולפען, האָט זי אַרונטערגעלאָזט די אויגען, נאָכדעם האָט זי זיך צושמייכעלט מיט אירע ווייסע ציינדלאַך. זי האָט וואולפ׳ן אָנגענומען ביים אָרעם און געזאָגט:

— קום, וועסט מיך באַגלייטען.

זיי זיינען אַרויס אין דרויסען. פון הימעל איז געפאַלען אַ שניי, זיך געלייגט מיט אַ טריבער ווייסקייט אויף די ברעג־טראָטואַרען און אין דער מיט גאַס צערגאַנגען. די גאַס האָט גערוישט מיט אויטאָמאָבילען. אַרבייטער זיינען געשטאַנען אין קליינע גרופּקאַלאַך און געקוקט אויף די טירען פון דער געביידע, אויף די גליקלאַכע וואָס האָבען אַ שאָפּ וואו אַריינצוגיין, אָדער געזוכט מיט די אויגען פריינט. ביי „מייערסאָנ׳ס" רעסטאָראַן זיינען געשטאַנען עטלאַכע קליידער באַלעבאַטים, שיין אָנגעטאָנענע אין „קעמעל־העיר" מאַנטלען און געשמועסט וועגען געשעפט.

וואולף האָט זיך אָנגענומען כוח און געזאָגט:

— איך בין נעכטען געווען ביי דיר.

— יאָ, די מאַמע האָט מיר געזאָגט.

ער האָט געוואָרעמט איר האַנט. זי איז געווען קאַלט. איר גאַנצער קערפּער האָט ווי געציטערט פון קעלט.

— איך וועל בעסער אהיים פאָהרען, איך ווער געפרוירען, — האָט זי געזאָגט.

ביים ראָג האָט זיך דער אויטאָבאָס אָפּגעשטעלט. זי האָט אַרויסגעצויגען איר האַנט פון זיינער און אַריין אינעווייניג. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פענסטער, מיט די אויגען, ווי פריער, פאַרשעמט אַרונטערגעלאָזט. ער האָט לאַנג נאָכגעקוקט דעם אָפּפאָרענדיגען באַס און קאַלטע שנייאַלאַך זיינען געפאַלען און געקילט די בריענדיגע וויעס פון זיינע אויגען.

דער א. פ. אוו ל. וואלטען געלאזען צו רוה דעם וואגנער ארבייטער געזעץ מיט זייערע אויסבעסערונגען, וועלכע זיינען גיכער פארערגערונגען. אבער אויב די אויסבעסערונגען, וואס די א. פ. אוו ל. שלאגט פאר אין וואגנער געזעץ, זיינען גיכער פארערגערונגען, איז א פראגע, וואס קען דיסקוטירט ווערען, איז עס אבער קיין פראגע ניט, אז דער קאמף, וואס די א. פ. ל. פירט אן צו רעווידירען דעם געזעץ, טראגט מיט זיך די געפאר, אז די גאנצע ניצליכקייט פון געזעץ פאר די ארבייטער זאל פארניכטעט ווערען. ווייל אויב דער איצטיגער קאנגרעס זאל זיך נעמען רעווידירען דעם וואגנער געזעץ וועט ער זיך ניט בלויז צוהערען צו די פארלאנגען פון דער א. פ. ל. נאר אויך צו די באלעבאטים. און דער איצטיגער קאנגרעס האט געוויזען, אז ער האט א גאנץ ווארעמען פלאץ אין זיין הארצען פאר די באלעבאטים. אבער דאס איז א באזונדערע פראגע, וואס האט ניט דירעקט צו טאן מיט דער ערקלערונג פון דער עקזעקוטיווע פון דער א. פ. ל.

⁂

און ווען עס רעדט זיך שוין וועגען חושד זיין, דערוועקט זיך ביי מיר א חשד, אז אין דער ערקלערונג פון דער עקזעקוטיווע פון דער א. פ. אוו ל. שטעקט די האנד פון די פריינד פון דער רעפובליקאנער פארטיי, וועלכע זיינען אזוי שטארק פארטראטען אין דער פירערשאפט פון דער א. פ. אוו ל. עס האט זיך זיי איינגעגעבען דורכצופירען אויף א מיטינג פון דער עקזעקוטיווע פון דער א. פ. אוו ל. דאס וואס זיי איז ניט געלונגען דורכצופירען אויף דער לעצטער קאנוועגשאן פון דער א. פ. אוו ל.

דזשאן פרעי און מעטיו וואל האבען אויף דער לעצטער קאנוועגשאן פון דער א. פ. אוו ל. פרובירט דורכשמוגלען א רעזאלוציע, וואס זיי האבען פארפאסט, אין וועלכער רוזוועלט'ס אדמיניסטראציע איז קריטיקירט געווארען. דאס איז געמאכט געווארען אזוי רעפובליקאניש פילאזאפיש, אז די פשוט'ע דעלעגאטען זאלען זיך ניט כאפען. האט אבער איינער פון די דעלעגאטען, וועלכער פארשטעהט א ביסעל „פילאזאפיע", געמאכט א געשריי און דאס איז געווען גענוג, אז די רעזאלוציע זאל אפילו ניט געשטעלט ווערען צו א דיסקוסיע. דער פראטעסט פון די דעלעגאטען איז געווארען אזוי גרויס און אזוי שטארק, אז דער פארזיצענדער פון דער קאנוועגשאן, פרעזידענט גרין, האט די רעזאלוציע ערקלערט אויסער ארדנונג. איך זעה אבער, אז דער גייסט פון יענער רעזאלוציע האט געפונען זיין גילגול אין דער איצטיגער ערקלערונג, וואס די עקזעקוטיווע פון דער א. פ. אוו ל. האט ארויסגעגעבען. עס איז די זעלביגע רעפובליקאנער פילאזאפיע.

⁂

אין אלגעמיין איז די גאנצע טעאריע וועגען דעם אזוי גערופענעם סטרייק פון קאפיטאל א זעהר צווייפעלהאפטע. עס איז געוויס אמת, אז גרויס קאפיטאל האט פיינט רוזוועלט'ן מיט זיין „ניו דיעל" און מיט זיין גאנצער פירערשאפט, אבער ווען עס קומט צו פראפיטען רעכענט זיך ניט קאפיטאל מיט קיין סימפאטיעס און אנטיפאטיעס. די אמעריקאנער קאפיטאליסטען האבען אין דער ווירקליכקייט געמאכט גאנץ גרויסע פראפיטען אונטער רוזוועלט'ס אדמיניסטראציע און די צאל מיליאנערען איז גאנץ היפש געוואקסען אין די לעצטע עטליכע יאר אין אמעריקע.

די אמעריקאנער פינאנסירען און אינדוסטריעלע אונטערנעמער האבען ליב געהאט הואווער'ן און האבען געהאט צו אים דעם גרעסטען צוטרויען, אבער זיי האבען אים דאך ניט געהאלפען מיט זייערע קאפיטאלען פארטרייבען דעם גרויסען קריזיס, וואס איז אונטער זיין אדמיניסטראציע אויסגעבראכען.

די קאפיטאליסטישע סיסטעם אין אמעריקע האט זיך דערלעבט צו אזא צייט, אז ניט קוקענדיג, וואס אין לאנד איז אזא גרויסער קריזיס און וואס אזוי פיל מיליאנען ארבייטער געהען ארום אהן ארבייט, מאכט דאך קאפיטאל גרויסע פראפיטען. די קאפיטאליסטען אין אמעריקע פילען ניט קיין קריזיס און זיי ליידען ניט פון אים. עס איז א קריזיס פאר די ארבייטער. די פראגע איז דעריבער ניט ווי צו מאכען א גוטע שטימונג ביי פינאנסירען און אינדוסטריעלע אונטערנעמער, ווייל זייער שטימונג איז א גוטע סיי ווי סיי. די פראגע איז צו מאכען א גוטע שטימונג ביי די ארבייטער.

⁂

נאר אט האט פרעזידענט רוזוועלט געפאלגט און האט זיך גענומען צו מאכען א גוטע שטימונג ביי די גרויסע באלעבאטים. ער האט זיי אנגעזאגט צוויי גוטע בשורות. ערשטענס, אז די רעגירונג וועט ניט ארויפלעגען קיין נייע שטייערען און, צווייטענס, אז די רעגירונג וועט ניט פארגרעסערען אירע עלעקטרישע אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען א קאנקורענץ פאר די פריוואטע „יוטיליטי" קאמפאניס.

אט די צווייטע גוטע בשורות דארפען ארויסרופען א העכסט פרעהליכע שטימונג ביי די גרויסע באלעבאטים. זיי דארפען מער קיין מורא ניט האבען, אז אויב זיי וועלען מאכען גרעסערע פראפיטען וועט עס רוזוועלט ביי זיי צונעמען אין נייע שטייערען און זיי דארפען אויך מער קיין מורא ניט האבען פאר דער קאנקורענץ פון דער רעגירונג געגען די פריוואטע „יוטיליטי" אונטערנעמונגען. די פינאנסירען און די אינדוסטריעלע אונטערנעמער דארפען דעריבער איצט אנפאנגען אריינלעגען געלד אין נייע אונטערנעמונגען, פארגרעסערען די אינדוסטריע א. אז. וו. וועלען מיר ווארטען און זעהן. נאר ווארטענדיג, קען מען דערצעהלען, אז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די רעגירונג האט מיט אירע גרויסע עלעקטרישע אונטערנעמונגען קאנקורירט מיט די פריוואטע יוטיליטי קאמפאניס, זיינען עס דאך געווען די יוטיליטי קאמפאניס אין די איצטיגע קריזיס יארען, וואס האבען געמאכט באזונדערס גרויסע פראפיטען.

לאמיר, אלזא, ווארטען.

# דער שאפ האט זיך פארמאכט

(דערציילונג)

פון ש. אפטער

ערב ניי־יאר האט זיך אין שאפ „פערפעקשאן דרעס קא." איינגאנצען אפגעשטעלט די ארבייט. ביי די דריי לאנגע צושנייד טישען, וואס זיינען געשטאנען ווי א דלת ביי די ווענט איז געווען פינסטער. א ברודיגער אומעט האט ארויפגעקוקט פון די לייוונטענע טיש־איבערדעקען.

דער ענגער קליידער שאפ איז ווי מיטאמאל געווארען גרוים. די ליידיגע שטאנגען־הענגערס אין מיטען שאפ האבען איצט אויסגעזען ווי א סקעלעט פון א נישט פארטיג הויז. די פיגורען, פאררוקט אין א ווינקעל, צונויפגעטוליעטע מיט עלענדער נאקעטקייט.

ביים פעטערן־מאכער'ס טיש, ניט ווייט פון די גלעזערנע שאו־רום טירען, איז דער וואל מיט הארטען טאוועל געווען פארוויקעלט. די בייכיגע וואנט מיט פעטערנס האט ארויפגעשווערט, דערמאנט פארגאנגענע, שפע'דיגע יארען דא אין שאפ.

אין שאפ זיינען בלויז געווען צוויי ארבייטער — דער טונקעל בלאנדער וואולף און דער אויסגעצערטער לאנדאן. די צוויי אפרייטארס זיינען איצט געשטאנען אנגעטאן אין זייערע אויסגעריבענע ווינטער מאנטלען, פון זייערע שיך האט גערינען א געשמאלצענער שניי. זייערע פנימער — מידע, פארשלעפערטע, פון פריערדיגע טעג זיך ארומשלעפען איבער'ן שטאט זוכען ארבייט. זיי זיינען ארויפגעקומען, זיך דערוויסען איינמאל פאר אלעמאל: וועט מיסטער פינקעל נאך זיין ברודער'ס פלוצימדיגען טויט ווייטער אנהאלטען דעם שאפ און עס וועט זיך ציען אזוי שלימזל'דיג ווי דעם לעצטען סעזאן, אדער עס וועט נעמען א סוף.

וואולף האט געקוקט אויף זיין מאשין, וואס ביים ווינקעל, אויף די איבערגעקערטע קעסטלאך, אויף די שטולען ארויפגעוואלגערטע מיט די פיסלאך ארויף. זיין בליק האט זיך אפגעשטעלט אויף דעם געבלומטען לייוונטענעם קליידעל פון זיין שכנה, די כנ'עוריגע איירין. אים האט מיטאמאל אנגעכאפט ביים הארץ א נאגענדיגע בענקשאפט. ווי גוט זיינען געווען יענע טעג צו זיצען לעבען איר. דער טאג ארבייט איז פארשוואונדען ווי א שפילכעל. זיין געוואוינהייט צו זיין שווייגענדיג פארכמורעט האט דא אין דעם שאפ אויפגעהערט. די ווייסע לאכענדיגע ציינדלאך מיט אירע פארשמורעטע אויגען האבען פאר אים אויפגעהעלט. עס וואלט געווען זעהר גוט ווען זי קומט איצט ארויף. צי קומט שוין טאקע קיינער נישט ארויף פון די ארבייטער? וואו קריגט מען דאס היינט אזוי גיך ארבייט?

איבעוועניג אין אפיס איז פלוצים געווארען א טומעל, וואולף און לאנדאן האבען זיך צוגערוקט נענטער צום טיר. טאקע, זאל מען געוואויר ווערען און פטור אן עק. ווער דארף אים נאכקריכען, דעם מיסטער פינקעל, אומזיסט? אין אפיס פאר דער פארצוימונג איז געשטאנען מיסיס פינקעל, די אלמנה, מר. פינקעל'ס שוועגערין. זי איז געשטאנען אן איינגעשרומפענע, געווישט דאס דראבנע פויגעלשע פנים'על. מר. פינקעל איז ארומגעלאפען אין א ליכטיגען אויסגעפרעסטען אנצוג הין און צוריק אויפ'ן ווייכען דיוואן און ער האט גערעדט אײלענדיג:

— סי מיין שאפ! עך האב פאר דיר ווייניק מוירע. ער האט דיר פלענטי געלט איבערגעלאזט. ס'ברידערל מיינס. ווילסט אפשר שוין טאן א שידוך גלייך נאך די שלושים?...

די אלמנה פינקעל האט אים ניט געענטפערט. עס האט זיך געהערט א שטיל פיינלאך שלוכצען אין טיכעל אריין.

— זי וויינט נאך. צו וואס דארפסטע אזוי פיל געלט? פלעזשור ווילסטע? ווילסט צעברעכען א ביזנעס, וואס מיינע ברידער האבען אויפגעבויט? נא! נעם! שנייד דעם גארגעל!

ער האט זיך צו איר נאענט צוגערוקט און ווי איינגערוימט א סוד:

— עס איז גאר נישט דא צו נעמען, נאטהינג!

זיין גרויס, קיילעכדיג פנים איז געווען רויט צופארעט, די פארגאסענע אויגען האבען געשפריצט מיט פייער. פון גרויס אויפרעגונג איז ער יעדע ווילע מיט דער נאז אריין אין א שפיגעל. צום סוף האט ער זיך אפגעשטעלט לעבען זיין אפיס מיידעל, מיס גארדאן. ער האט זיך איינגעבויגען זעהר נאענט צו די פעך־שווארצע האר פון איר קאפ און זיך ווי פארענטפערט פאר איר שוין צופיל גלייכגילטיגקייט.

— ער האט איבערגעלאזט אינשורענס. דארפען דארף זי ווייניג. ווער קען איצט ארויסציען געלט? זי איז ניט קראנק צו ווארטען. הא, וואס זאגסטו, ליא?

די קליינע מיסיס פינקעל, די אלמנה, האט זיך מיט אמאל א צי געטאן, איז געווארען העכער און רירעדיגער, איר פנים — שארף. זי האט גענומען שאקלען מיט'ן קאפ און שטיל בייסענדיג געזאגט:

— מער וועסטו ניט לעבען אויף יענעמס פליצעס, דו מיט דיין ווייב, די גרעפין. איך בין ניט דיין ברודער, מיך וועסטו ניט טרייבען אין קבר אריין.

איר פנים האט צארנדיג אויפגעפלאמט פול מיט נקמה:

— ארבייט גיי זוך, ווי זיי...

זי האט אויפגעריסען די טיר פון שאפ, און באלד צוריקגעכאפט דאס פנים, ווי זי וואלט זיך דערשראקען פאר דער פינסטערניש, וואס האט ארויסגעשפארט פון שאפ. נאכדעם האט זי געעפענט די ארויסגאנג־טיר. איר מויל מיט די גרויסע ציין איז געווען ברייט צו־עפענט מיט א נצחונ'דיגען שמייכעל. זי האט זיך ארויסגערוקט פון שאפ פאמעלאך, מיט דער זיכערקייט פון א מענשען, וואס ווייס, אז אלץ דא איז סיי ווי זיינס. זי האט צוגעקלאפט די טיר מיט אזא טראסק, אז די שויבען האבען זיך צוקלונגען אין די פענסטער.

מר. פינקעל איז געבליבען שטיין מיט א שווערער אראפהענגענדיגער ליפ, אזש א גאווערל האט זיך אים געסליניעט פון די מויל־ווינקלען. עס האט געדויערט א מינוט. ער האט זיך דערזען אין שפיגעל, און מיט א ציטער אפגעשפרונגען. ער האט זיך שטיל צוגעשארט צום שראנקעל לעבען דער אייזערנער קאסע. ער האט ארויסגענומען א פלעשעל סקאטישען בראנפען, עס איבערגעקערט אין מויל אריין און לאנג, לאנג אריינגעבולבולט אין גארגעל.

וואולף האט זיך אפגערוקט פון ארט, ער האט אראפגעשלונגען א זיפץ און געזאגט:

— מיר מעגען שוין נעמען די געצייג.

לאנדאן האט געהאלטען אראפגעלאזען דעם קאפ, די ליפען האבען אים געציטערט.

— ווי וועל איך האבען א שאנס צו קריגען א דזשאב? איך בין א לאנגזאמער באלמעלאכע. איך האב זיך ניט וואס צו איילען אהיימצונעמען די געצייג. איך וועל דא „סטיקען", דערשטיקט ווערען ביז ער וועט אינגאנצען צומאכען.

באלד האט ער זיך בארוהיגט און ווייטער גערעדט:

— איך האב געוואוסט, אז ער איז א שנארער, דזשעקלע פינקעל. ס'געלט איז געווען דעם ברודער'ס.

חודש נאך דעם ווי זיי זיינען אפגעזאגט פון „דאבליו־פי־איי”. אין א פיר חדשים שפעטער — א העלפט. דערצו מוז מען האבען אין זינען, אז דער דורכשניטלאכער מאנאטליכער געהאלט אין דער „דאבליו־פי־איי” איז 52 דאלאר און 50 סענט, אין דער צייט וואס מאנאטלאכער רעליף באטרעפט ניט מעהר ווי 24 דאלאר א מאנאט. מען וואלט באדארפט אלע סענאטארס און קאנגרעסלייט, וועלכע האבען געשטימט פאר שנײדען די סומע פאר „דאבליו־פי־איי” אוועקזעצען אויף א געהאלט פון 24 דאלאר א חודש און זעהן ווי דאס וואלט זיי געשמעקט.

יעדעס מאל ווען א טויזענט „דאבליו־פי־איי” ארבייטער ווערען אפגעזאגט, אפילו ווען א נארמאלער צאל גייט איבער צו רעליף, פארקלענערט זיך די קויף־קראפט אויף 30־40 טויזענט דאלאר א מאנאט. אפזאגענדיג א מיליאן ארבייטער, הייסט פארקלענערען די קויף־קראפט אויף 30 מיליאן דאלאר א מאנאט אדער 360 מיליאן דאלאר א יאהר.

דאס פארקלענערען פון דער קויף־קראפט וועט שטארק פארקלענערען דעם נאציאנאלען איינקונפט. וועגען מענטשלאכקייט איז דאך שוין אפגערעדט. דאס קאן מען איגנארירען. מען קאן אבער ניט איגנארירען דאס פארניכטען פון דער לעבעדיגער ארבייטס־קראפט, דעם וויכטיגסטען עלעמענט פון די פראדוקציע־כוחות פון לאנד. די ארבייט פון דער „דאבליו־פי־איי” פארגרעסערט דעם נאציאנאלען רייכטום, אויב גלייך ניט אלע פראיעקטען קאנען גיבען א באלדיגען רעזולטאט. איז דאך פארט וויכטיג צו באשיצען דאס לאנד פון יענע גראנדיעזע פארניכטונגען וואס די פארפלייצונגען רופען ארויס יעדען פרילינג איבער'ן גאנצען לאנד. דארף מען דאך פארט באשיצען אונזערע וועלדער פון אויסראטונג און ראטעווען מיליאנען אקערס לאנד, וואס ווערען פארשלונגען פון שטויב־ווינטען.

---

עס איז אויך ניט פאראן קיין שום האפנונג, אז א באדייטענדער טייל ארבייטסלאזע זאל ווערען אריינגעצויגען אין פריוואטע אינדוסטריען אין דער איצטיגער פאזע דורך א געוויסען, גאנץ ממשות'דיגען וואוקס פון דער אינדוסטריעלער אקטיוויטעט אין א ריי וויכטיגע צווייגען פון אונזער עקאנאמיק. אפילו ווען אזא צייטווייליגע פארבעסערונג זאל אנהאלטען א לענגערע צייט. און דאס איז צוליב דעם אלץ ווייטערדיגען וואוקס פון דער ארבייטס־פראדוקטיוויטעט. מיר האבען אנגעוויזען אין איינעם פון אונזערע פריערדיגע ארטיקלען, אז די ארבייט־פראדוקטיוויטעט האט זיך פאר דעם לעצטען יאהר ווידער געהעכערט מיט אן ערך 20 פראצענט — אזוי, אז מען קאן פראדוצירען די אייגענע צאל, וואס פריער מיט א 20 פראצענט וועניגער ארבייטער.

אין פארבינדונג מיט דעם איז אינטערעסאנט — די נאר וואס פארעפענטלאכטע ציפערען, וועלכע גיבען די לעצטע אפשאצונג וועגען דער צאל ארבייטסלאזע אין די פאראייניגטע שטאטען.

לויט די ציפערען פון דער „אמעריקאן פעדערישאן אוו לייבאר” האט די ארבייטסלאזיגקייט אין נאוועמבער 1938 דערגרייכט די צאל פון 10 מיליאן און 400 טויזענט. ווען מען זאל אבער צו דער צאל צוגעבען יענע ארבייטסלאזע יונגע ארבייטער, וועלכע האבען נאך בכלל קיינמאל ניט געארבייט, ארבייטסלאזע פארם־ארבייטער און אזוינע, וועלכע האבען זיך אריבערגעקליבען אויף פארמס, ווייל זיי האבען ניט געקאנט געפינען ארבייט אין די שטאטישע אינדוסטריען, דעמאלט וועט לויט דער „לייבאר ריסוירטש” די צאל ארבייטסלאזע דערגרייכען דער הויך פון 16 מיליאן און 148 טויזענט. דאס הייסט, 16 מיליאן מענער, פרויען און יונגע ארבייטער זיינען נאך אלץ ארבייטסלאז אין די פאראייניגטע שטאטען. נעמט דערפון אראפ 3 מיליאן און 836 טויזענט, וואס זיינען באשעפטיגט אין פארשיידענע רעגירונגס־פראיעקטען, באקומט איהר אלץ 12 מיליאן און 312 טויזענט.

דאס הייסט, אז ניט קוקענדיג אויף א געוויסען וואוקס פון דער אינדוסטריעלער אקטיוויטעט, איז אלץ ניט געלונגען ממשות'דיג צו פארקלענערען די גרויסע צאל ארבייטסלאזע אין לאנד.

און מיט יעדען יאהר קומען צו אן ערך נייע 700 טויזענט יונגע ארבייט־זוכער ווי א רעזולטאט פון דעם נאטירלאכען צוואוואוקס.

אין דער צייט, וואס די צאל ארבייטסלאזע האט דערגרייכט די הויך פון 16 מיליאן, האבען די פראפיטען פון 3000 קאמפאניעס אין יאר 1938 דערגרייכט 3 ביליאן און 240 מיליאן דאלאר, לויט דער „ניו־יארק טיימס” פון 1טען יאנואר. מיליאנען ארבייטער פארבלייבען, ווי א רעזולטאט פון קריזיס פערמאנענט ארבייטסלאז, אבער פראפיטען ווערען אין די קריזיס־יאהרען אויסגעצאלט רעגעלמעסיג. אין מאנכע פאלען זיינען די פראפיטען דורך די קריזיס־יאהרען געווען נאך העכער. אזוי געפינען מיר אין דעם „מעגעזין אוו וואל סטריט” פון 3טען דעצעמבער פאלגענדע אפענהארציגע דערקלערונג: „א מערקווירדיג גרויסע צאל קאמפאניעס האבען אומאונטערבראכען אויסגעצאלט זייערע פראפיטען דורך די יאהרען פון קריזיס”. די פראפיטען, וועט איהר זאגען, זיינען טאקע הויכע, אבער די רעגירונג באראבעוועט דאך דעם איינקונפט פון פראפיטען מיט אזוינע אומבארימהארציגע טעקסעס, אז עס לוינט זיך גארניט דער גאנצער עסק. אט דא, שרייט מען, שטעקט דאך טאקע די גאנצע צרה. די הויכע טעקסעס זיינען אומדערטרעגלאך און רואינירען פשוט ביזנעס. וועלען מיר דא ניט פרעגען, אויב אזוי, פארוואס לאזט מען אין אזא פאל ניט איבער די גאנצע ביזנעס אויף גאט'ס באוואר, אום זיך צו ראטעווען פון אומדערטרעגלאכע טעקסעס. אנשטאט דעם וועלען מיר בעסער, ווי געוויינלאך, א קוק טאן, וואס אביעקטיווע ציפערען דערציילען אונז וועגען דעם גאנצען ענין. און אביעקטיווע ציפערען וועגען דעם ענין טעקסעס מוז איך גלייך פון אנהויב צוגעבען זיינען פשוט שטוינענד.

אין יאהר 1937 האבען 61 טויזענט טעקס צאהלער אנגעגעבען זייער איינקונפט אין 107 מיליאן דאלאר און האבען אויסגעצאלט 71 מיליאן דאלאר טעקסעס. דאס הייסט, אז 72 פראצענט פון זייער פראפיט האבען זיי אויסגעצאלט אין טעקסעס. אויב דאס וואלט געווען ריכטיג, וואלט מען געמוזט צוגעבען, אז אזוינע טעקסעס זיינען טאקע באמת זעהר הויך. לאמיר אבער א פרואוו טאן אנאליזירען די דאזיגע ציפערען און אויסגעפינען אויף וויפיל די אנגעגעבענע סומעס זיינען טאקע באמת ריכטיג. צוליב דעם וועלען מיר די אנגעגעבענע סומעס פארגלייכען מיט די ציפערען פון יאר 1930. אין יאר 1930 האבען 513 טויזענט טעקספייערס אנגעגעבען זייער איינקונפט אין איין (1) ביליאן און 212 מיליאן דאלער. זיי האבען אויסגעצאלט 191 מיליאן דאלאר טעקסעס, וואס דאס באטרעפט 16 פראצענט.

מען קאן ניט אננעמען, אז טעקסעס זאלען האבען געשטיגען פון 1930 ביז 1937 אזוי הויך ווי פון 16 פראצענט ביז 72 פראצענט. דאס וואלט מיט זיך פארגעשטעלט אזא מין פונאנדערטיילונג פון איינקונפט, וואס איז אונטער קאפיטאליזם אינגאנצען ניט מעגלאך.

דער איינציג מעגלאכער אויספיר באשטייט אין דעם, אז וואס מעהר די רעגירונג האט געהעכערט די טעקסעס, אלץ מעהר האבען די קאפיטאליסטען געפעלשט די אמת'ע ציפערען פון זייער איינקונפט. דאס הייסט, געפעלשט האבען זיי שטענדיג, אבער קיינמאל ניט אזוי שטארק ווי איצטער. איצט האט עס אנגענומען דעם כאראקטער פון א געיעג — ווער וועמען עס וועט אריבעריאגען. די רעגירונג אין באשטימען העכערע טעקסעס, אדער די קאפיטאליסטען אין אויסמיידען צו צאלען די דאזיגע טעקסעס. און די קאפיטאליסטען האבען איבערגעיאגט — זעהר ווייט איבערגעיאגט. און דאס איז גרינג צו באווייזען. אין 1929, ווען דער נאציאנאל איינקונפט איז געווען 80 ביליאן דאלאר, האבען די אמעריקאנער מיליאנערען דערקלערט זייער איינקונפט אין דער סומע פון 1 ביליאן און 212 מיליאן דאלאר. דאס הייסט, אז זייער טייל אין נאציאנאלען איינקונפט האט באטראפען 1,5 פראצענט. אין 1937 מיט א נאציאנאלען איינקונפט פון 63,8 ביליאן דאלאר, האבען זיי דערקלערט זייער איינקונפט אין דער סומע פון 107 מיליאן דאלאר. הייסט עס, דער טייל פון נאציאנאלען איינקונפט פון די רייכסטע מענשען אין לאנד, פון מענשען מיט אן איינקונפט איבער איין (1) מיליאן דאלאר א יאהר, איז אין משך פון 7 יאר געפאלען פון 1.5 פראצענט ביז 0.17 פראצענט.

מיר וועלען זיין זעהר נאענט צום אמת, ווען מיר זאלען אננעמען, אז אין 1936 איז זייער טייל פון נאציאנאלען איינקונפט געווען 1.5 פראצענט און זייער אמת'ער איינקונפט איז געווען ניט 107 מיליאן דאלער, ווי זיי האבען עס אנגעגעבען, נאר — 1,5 פראצענט פון 63,8 ביליאן דאלאר — אדער 957 מיליאן דאלאר. אויף אזא אופן האבען זיי אין יאר 1937 אויסגעצאלט 71 מיליאן דאלאר אינקאם־טעקס פון אן איינקונפט אין דער סומע ארום 957 מיליאן דאלאר. מיט אנדערע ווערטער, הייסט עס, אז זיי האבען אויסגעצאלט ניט 72 פראצענט פון זייער איינקונפט, נאר ווייניגער ווי 7 פראצענט — ארום א העלפט אין פארגלייך מיט 1930.

דאס אויסמיידען פון צאלען טעקסעס איז איינע פון די אורזאכען פון דעם שטענדיגען רעגירונגס־דעפיציט און פון דעם שטענדיג וואקסענדיגען מלוכה־חוב, פאר וועלכען די קאפיטאליסטען זוכען צו מאכען אינגאנצען פאראנטווארטלאך די רוזוועלט־אדמיניסטראציע.

אט ווער עס שטייט הינטער דער מעכטיגער פראפאגאנדע, וואס ווערט אויף אזא גראנדיעזען מאסשטאב אנגעפירט איבער'ן גאנצען לאנד קעגען דעם „ניו־דיל”.

---

# אין יוניאן העלטה סענטער

## פון פאולין מ. ניומאן

אומעטיגע טעג די איצטיגע פאר די מערסטע מיטגלידער אונזערע. ספעציעל פאר די וואס זיינען פאציענטען פון יוניאן העלטה סענטער. קאלטע טעג, פארכמורעטע, טעג פון ארבייטסלאזיגקייט און אונזיכערקייט און האפנונגסלאזיגקייט. דאס אומשלעפען זיך שטונדענווייז אין „מארקעט” אהן אויסזיכטען צו פארדינען א דאלאר, פארשווערט די קראנקהייטען פון וועלכע זיי ליידען אדער דענקען, אז זיי ליידען און ווען זיי קומען אהער זיינען זייערע נערווען אנגעצויגען. זיי זיינען שלעכט געשטימט און ווערען לייכט אויפגערעגט. זיי נויטיגען זיך אין מיט־געפיל, פארשטענדעניס און ווארעמע באציהונג. דאס זיינען אלמענשליכע פארלאנגען. קיינער פון אונז איז ניט געבענשט מיט צו שטארקע נערווען, קיינער באזיצט ניט צו־פיל געדולד אדער גוטמוטיגקייט און די מיטגלידער אונזערע אויף וועמענס גורל עס איז אויסגעפאלען ארומצושלעפען זיך איבער די גאסען טאג איין טאג אויס, מאנאט נאך מאנאט זוכענדיג א געלעגענהייט צו פארדינען אויף ברויט, האבען נאך ווייניגער פון די אייגענשאפטען.

קומען זיי אהער אין העלטה סענטער, וויינען, באקלאגען זיך, בעראטען זיך, דא זוכען זיי צו געפינען דאס וואס דער „מארקעט” קען זיי ניט געבען, דאס וואס זיי קענען ניט געפינען אין זייערע היימען. דער סענטער קען זיי נאטירליך ניט באזארגען מיט די זאכען אין וועלכע זיי נויטיגען זיך און זוכען. מיר טוען אבער וואס נאר מעגליך צו מאכען זיי אזוי באקוועם און צעשטרייהען זיי אביסעל אויף וויפיל דאס לאזט זיך.

מיר פראגרעסירען.

האמערען, פלאסטערען, פעינטען; פעינטען, האמערען, פלאסטערען; דאס איז וואס מען הערט און מען זעט איצט אין יוניאן העלטה סענטער. קארפענטערס, פלאמבערס, עלעקטרישענס, מוליארעס — אלע ארבייטען, בויען איבער דעם 24טען פלאר פון דער געביידע פאר דעם פארגרעסערטען סענטער. מיר ערווארטען, אז די הויפט ארבייט וועט פארטיג ווערען ביים סוף מאנאט, און מיר וועלען קענען ערעפענען דעם נייעם פלאר ווען עס איז אין חודש מערץ. ביז דאמאלסט מוזען אונזערע פאציענטען האבען געדולד און אויסשטיין דעם טומעל, דעם שטויב און די אומבאקוועמליכקייט וואס איז אומפארמיידליך ווען בוי־ארבייט גייט אן. עס וועט שוין איצט לאנג ניט נעמען און די באקוועמליכקייט פון דעם גרעסערן פלאץ וועט באלוינען פאר די איצטיגע אומבאקוועמליכקייטען.

געזונדהייטס ערציהונג.

איך האב ניט בדעה אוועקצונעמען די ארבייט פון ברודער מארק סטאר, עדיוקיישאנאל דירעקטאר פון דער אינטערנעשאנאל און באריכטען וועגען די לעקציעס וואס דרס. אברהאם און האנא סטאון האבען געגעבען פאר אונזערע מיטגלידער. ברודער סטאר קען דאס טאן בעסער פון מיר. איך וויל דא בלויז פארצייכענען, אז די לעקציעס זיינען באמת א וויכטיגע דערגרייכונג אין אונזער בילדונגס פראגראם. דער באזוך איז געווען אויסגעצייכענט. לעיבאר סטעידזש, דער ארקעסטער און די גאלערי, זיינען געווען איבערפולט. די אויפמערקזאמקייט פון די צוהערער איז זעלטען גוט. די פראגען וואס זיינען געשטעלט געווארען זיינען געווען אינטעליגענט און צום פונקט. מיר האבען דארט פאנאנדערגעטיילט פאסיגע ליטעראטור איבער דעם ענין, וועלכע דער עולם האט געהאלטען און מיטגענומען מיט זיך — א סימן, מען האט זיי דארט ניט אוועקגעווארפען.

דער ערפאלג פון די לעקציעס דארף אן ספק צוגעשריבען ווערען צו דער פערזענליכקייט פון די דאקטוירים אברהאם און האנא. סטאון, צו זייער פייהיגקייט און קענטעניס צו רעדען איבער אזוינע דעליקאטע פראגען צו א גרויסען עולם.

# דער קאמף ארום דעם „ניו דיל"

## פון פראפעסאר א. דוביצקי.



ער קאמף ארום דעם „ניו־דיל" איז אין דעם איצטיגען מאמענט געווארען דער צענטראל־פונקט אין דעם פאליטיש־געזעלשאפטלאכען לעבען פון אונזער לאנד. ארום דעם דאזיגען קאמף קאנצענטרירט זיך די געזעלשאפטלאכע ענערגיע — סיי פון זיינע אנהענגער, סיי פון זיינע קעגנער. אזוי ארום באקומט דער קאמף פאר און קעגען דעם „ניו־דיל" א גרעסערע און ברייטערע באדייטונג ווי די באדייטונג פון דעם „ניו־דיל" גופא. עס איז שוין ניט מעהר אדער נאר א פראגע וועגען דער פאזיטיווער אדער נעגאטיווער עקאנאמישער באדייטונג פון דעם „ניו־דיל". דער קאמף קעגען דעם „ניו־דיל" איז אן אפענע מאביליזאציע פון אלע רעאקציאנערע כוחות אין לאנד, וואס אין פאל פון א דערפאלג קאן ווייט אריבערשטייגען אין זיין באדייטונג דאס, וואס אונטער אנדערע אומשטענדען וואלט געווען ניט מעהר, ווי א פשוט'ער דורכפאל פון דער היינטיגער אדמיניסטראציע דורכצופירען א געוויסע עקאנאמישע פאליטיק. צו באקעמפען דערפאלגרייך דעם נייעם אגרעסיוו־רעאקציאנערען אנגריף קעגען דעם „ניו־דיל" פאדערט זיך גענוי צו אנאליזירען די הויפט־פראבלעמען וואס זיינען פארוויקלט ארום דעם דאזיגען קאמף און צו באווייזען אויף וויפיל עקאנאמיש אומבאגרעניצט עס איז דער גאנצער קרייץ־צוג קעגען רוזוועלט'ן און זיין אדמיניסטראציע, וואס ווערט אנגעפירט אונטער דער פאן פון א כלומרשט געזונטער ביזנעס־פאליטיק.

---

פריער פון אלץ — ווער זיינען די אמת'ע קעגנער פון דעם „ניו־דיל"? ריכטיגער ווער שטייט הינטער דער מעכטיגער פראפאגאנדע, וואס ווערט אויף אזא גראנדיעזען מאסשטאב אנגעפירט איבער'ן גאנצען לאנד — און ניט נאר קעגען דעם „ניו־דיל" — נאר קעגען יעטווידערען מעהר אדער ווייניגער פראגרעסיווען געדאנק, וואס זאל וואו עס ניט איז, פון וועמען ניט איז און אין דער מילדעסטער פארם ארויסגעזאגט ווערען? דאס איז א קליינע גרופע באנקירען, הויך־פינאנסיסטען, א קליין הייפעל קאפיטאליסטען און פירער פון די טראסטען, וואס קאנצענטרירען אין זייערע הענט דעם רייכטום פון לאנד. אויף דעם האבען מיר אנגעוויזען אין אונזער פאריגען ארטיקל אין דער „גערעכטיגקייט" פון פעברואר, 1939. אזוי ווי צו באשטעטיגען אונזער געדאנק — איז נאר וואס פארעפענטלאכט געווארען א באריכט פון דער קאמיטע, וואס פארנעמט זיך מיט דעם אויספארשען די אקטיוויטעט פון די מאנאפאלען וועגען דעם צושטאנד פון די אמעריקאנער לעבענס־פארזיכערונג קאמפאניעס. דר. דאנאלד ה. דאווענפארט פון הארווארד אוניווערזיטעט, וועמען מען קאן בשום אופן ניט חושד זיין אין אזוי־גערופענע אנטי־ביזנעס טענדענצען ווייזט אן, אז דער קאפיטאל פון די אמעריקאנער פארזיכערונג־קאמפאניעס באטרעפט אין דעם איצטיגען מאמענט אזא קאלאסאלע סומע, ווי 28 ביליאן דאלער — א העלפט פון גאנצען נאציאנאלען איינקונפט פון די פאראייניגטע שטאטען.

די גרויס אליין פון אט דער סומע קלעקט צו מאכען א גאנצע ריי זעהר וויכטיגע אויספירונגען. דאס איז פריער פון אלץ א גלענצענדע אילוסטראציע און אן אומבאשטרייטבארער באווייז פון דער געוואלטיגער קאנצענטראציע, וואס דער אמעריקאנער קאפיטאל האט דערגרייכט אין איצטיגען מאמענט. נאר פאר די לעצטע 20 יאר, ווייזט אן דער באריכט, האט זייער „איבערפלוס פון איינקונפט איבער די אויסגאבען" — פשוט גערעדט זייערע פראפיטען — דערגרייכט אזא קאלאסאלע סומע ווי 21 ביליאן דאלאר. אין יאר 1906 האבען זייערע קאפיטאלען באטראפען 3 ביליאן דאלאר, אין 1937 אן ערך 26 ביליאן דאלאר און אין 1938 אן ערך 28 ביליאן דאלאר. זיי קאנטראלירען 60 פראצענט פון אלע לעבענס־פארזיכערונגען אין גאר דער וועלט. 64 מיליאן אמעריקאנער איינוואוינער, אדער איינער פון יעדער צוויי פון דער גאנצער באפעלקערונג זיינען פארזיכערט. און דא קומען מיר טאקע צום פונקט. ניט די 64 מיליאן פאליסי־האלדערס זיינען די פאקטישע באלעבאטים און האבען אן אמת'ע דעה איבער דעם דאזיגען קאלאסאלען קאפיטאל. דער דאזיגער קאלאסאלער קאפיטאל ווערט קאנצענטרירט אין די הענט פון נאר א הייפעל, פון א קליינער גרופע הויך־פינאנסיסטען. ווי אזוי דאס איז מעגלאך — פרעגט בעסער ניט. אט זיינען טאקע צו גלייכער צייט פארעפענטליכט געווארען באשולדיגונגען וועגען געפעלשטע אונטערשריפטען פון פאליסי־האלדערס ביי די וואלען פון פארוואלטונגען. אבער וואס מיר זיינען געווען אויסען דא ארויסצוברייגען אין פארבינדונג מיט דעם קאמף ארום דעם „ניו־דיל" — איז אזוינע און ענליכע גרופען זיינען דאס די הויפט־קעמפער געגען דעם „ניו־דיל". ווי לעכערלאך ממש עס קלינגען די גוואלדען וועגען דעם קאטאסטראפאלען גרויס פון אונזער מלוכה־חוב, ווען דער קאפיטאל פון די אמעריקאנער לעבענס־פארזיכערונג קאמפאניעס אליין באטרעפט 28 ביליאן דאלאר — נאר מיט אן ערך 10 ביליאן דאלאר ווייניקער ווי אונזער גאנצער מלוכה־חוב. מיר ווילען דא ניט בארירען די פראגע, אויף וויפיל, מעגלאך, גלייכער עס וואלט געווען ווען די גאנצע אינשורענס־ביזנעס וואלט זיך געפונען אין די הענט פון דער רעגירונג — און אויף וויפיל בעסער דאס וואלט געווען פון פארשיידענע שטאנדפונקטען. אנשטאט צו פארגרעסערען דעם מלוכה־חוב וואלט די רעגירונג געקאנט אויסנוצען די גראנדיעזע פראפיטען פאר די נויטען און אין די אינטערעסען פון גאנצען אמעריקאנער פאלק. עס וואלט ארויסגענומען פון די הענט פון קליינע אינדיווידועלע איינציגע גרופען יענע געוואלטיג אומבאשרייבלאך — גרויסע מאכט, וואס דאס באזיצען פון אן 28 ביליאן דאלארדיגען קאפיטאל שטעלט מיט זיך פאר. אין יאר 1937 האבען די צען גרעסטע קאמפאניעס אויסגעקויפט 62 פראצענט פון די באנדס פון די גרעסטע קארפאראציעס. אין דעם זעלבען יאהר האט דער קאפיטאל פון די פארזיכערונג קאמפאניעס באטראפען 85 פראצענט פון דעם קאפיטאל פון אלע אמעריקאנער באנקען. צום סוף פון יאהר 1938 זיינען 11 פראצענט פון דעם גאנצען גאראנטירטען מלוכה־הוב געווען אין די הענט פון די גרעסטע 49 קאמפאניעס, אחוץ 10 פראצענט פון אלע וויכטיגע מוניציפאלע באנדס, 23 פראצענט פון אלע אייזענבאן־באנדס, 22 פראצענט פון אלע יוטיליטי חובות, 15 פראצענט פון אלע אינדוסטריעלע חובות פון לאנד, 14,5 פראצענט פון אלע שטאטישע מארטגיידזשעס און 11 פראצענט פון אלע פארם מארטגיידזשעס.

באזיצענדיג אזא געוואלטיג גרויסע עקאנאמישע מאכט, איז גרינג זיך פארצושטעלען וואס פאר א אומבאגרעניצטע פראפאגאנדע מעגלאכקייטען אזא גרופע באזיצט אין באאיינפלוסען די געזעלשאפטליכע מיינונג אין דער געווינשטער ריכטונג צו באשיצען איהרע אינטערעסען. צייטונגען זיינען דאך אויך ניט מער, ווי א אינדוסטריע און זיינען גרייט צו דינען די אינטערעסען פון די שטארקע, פון די מאכטהאבער. בכלל איז די טעכניק פון א היינטיגען פראפאגאנדע־אפאראט זעהר אנטוויקעלט און פארפולקאמט. און עס איז שוין גאר ניט ניי, ווען מעכטיגע געלט־אינטערעסען באאיינפלוסען פאליטיק. געהיימע דראטען צווישען באנק־פארוואלטונגען און פאליטיקער ארבייטען אומעטום און שטענדיג. זיי האבען אפילו אויפגעהערט צו זיין געהיים. ווען סענאטאר גלאס, וועמענס פארבינדונגען מיט די באנק־אינטערעסען און אנדערע ביזנעס־אינטערעסען זיינען פאר דער גאנצער וועלט קיין סוד ניט און ווער עס קאנטראלירט און קארופטירט דעם גאנצען פארטיי אפאראט און ארטיגע אדמיניסטראציע ביי זיך אין ווירדזשיניא געפעלט ניט רוזוועלט'ס נאמינאציע פון ראבערט'ס פאר א דזשאדזש טוען איהם 79 סענאטארס די פערזענליכע טובה און צוליב העפליכקייט שטימען זיי קעגען דעם פרעזידענט'ס נאמינאציע.

א מעכטיגער פראפאגאנדע־אפאראט ארבייט איצט קעגען רוזוועלט'ן און זיין אדמיניסטראציע. דער גאנצער רעאקציאנערער לאגער פון לאנד מאביליזירט זיין פאליטישען איינפלוס קעגען דעם „ניו־דיל". קעגען דעם „ניו־דיל" איבען אויס א געוואלטיגען דרוק מעכטיגע עקאנאמישע אינטערעסען פון לאנד, וואס קאנצענטרירען אין זייערע הענט גראנדיעזע קאפיטאלען. זיי האבען מורא אנווערען זייער מאכט. זיי האבען מורא זייער מאכט זאל זיך ניט ווי עס איז ארויסגליטשען פון זייערע הענט.

---

וועגען דעם, פארשטייט זיך, ווערט א ווארט ניט דערמאנט אין דער גראנדיעזער פראפאגאנדע, וואס ווערט אויף אזא אויסערגעוויינליכען מאסשטאב אנגעפירט איבער'ן גאנצען לאנד. די פראפאגאנדע ווערט אנגעפירט לויט דעם געוויינטליכען נוסח, וואס די גאנצע אנגענומענע הויכע פראזעאלאגיע ווערט ברייט אנגעווענדעט און פארנעמט זעהר א פראמינענטען ארט.

קאנקרעט ווערט רוזוועלט באשולדיגט אין דעם, אז די רעגירונג גיט אויס צופיל געלט, אז דער מלוכה־חוב וואקסט מיט יעדען יאהר אלץ גרעסער און דאס מח אומפארמיידלאך ברייגען צו א קאטאסטראפע, אז די טעקסעס זיינען אומדערטרעגלאך און רואינירען פשוט ביזנעס, אז די גאנצע פאליטיק אין אלגעמיין גראבט אונטער דעם צוטרויען פון ביזנעס און דערפאר קאן דאס לאנד ניט בייקומען דעם קריזיס, אז געוואלטיגע קאפיטאלען ליגען אומבאנוצט און ווערען ניט אינוועסטירט און דאס שטערט דאס לאנד זאל עקאנאמיש אויפלעבען א. אז. וו. עס איז גרינג איינרייסען הימלען, פאדערענדיג דער פרעזידענט זאל אויסגעבען ווייניגער געלט. איין זאך איז אבער שרייען, אז די רעגירונג איז ניט שפארזאם, און גאר אן אנדער זאך איז געבען פארשלאגען, וועלכע רעגירונגס־אויסגאבען עס זאלען ווערען פארקלענערט אדער זאלען אינגאנצען ווערען אפגעשאפט. דאס, זעהט איהר, איז שוין גארניט אזא גרינגער ענין. ווארים עס איז דאך פאר אלעמען באשיינפערלאך קלאר — באלאנסירען דעם בודזשעט אין דעם איצטיגען מאמענט איז אינגאנצען ניט מעגלאך. פארקלענערען די מלוכה־אויסגאבען אין דעם איצטיגען מאמענט קאן ברייגען צו זעהר טרויעריגע, אפשר קאטאסטראפאלע רעזולטאטען. און דאס איז ניט די שולד פון פרעזידענט. דאס איז ניט צוליב זיין פערזענליכער בייזוויליגקייט — ווי דאס איז ניט צוליב אימיצען אנדערש בייזוויליגקייט בכלל. דאס איז דער רעזולטאט פון די אלגעמיינע באדינגונגען פון אונזער הערשענדער עקאנאמישער סיסטעם. די ביטערסטע קעגנער פון דעם „ניו־דיל", דארף מען פארשטיין, זיינען ניט פאראינטערעסירט אין אפשאפען פון אונזער עקאנאמישער סיסטעם אדער אפילו אין ראדיקאלע ענדערונגען פון דער דאזיגער סיסטעם.

אן ראדיקאלע ענדערונגען אין די גרונט־יסודות פון אונזער גאנצער עקאנאמישער סיסטעם — בלייבט גאר איין מיטעל — אריינזעצען לאטעס דארטען אין דערמאלט, ווען עס איז א געפאר דער גאנצער בגד זאל זיך ניט פאנאנדערפאלען. פארריכט מען איין לאטע, אנטפלעקט זיך אין גיכען א צרה אין אן אנדער ארט. די יעניגע, וועלכע זיינען פאראינטערעסירט די גאנצע סיסטעם זאל זיך ניט צעפאלען, דארפען מעהר פון אלעמען זיין צופרידען, אז עס גיט זיך איין ווי עס איז די סיסטעם צו פארלאטען. מען קאן ניט פאדערען, אז א פארלאטעטע סיסטעם זאל זיין פולקאם.

נאך דעם גאנצען געוואלד וועגען דער נויטיגקייט צו שפארען, האבען די פארטיידיגער פון דער דאזיגער טעאריע זיך דערקלערט נאר צו דעם איינציגען מיטעל צו פארקלענערען די אויסגאבען אויף 150 מיליאן דאלאר אויפ'ן חשבון פון ארבייטלאזיגקייט־הילף, אויפ'ן חשבון פון דער „דאבליו־פי־איי". אנשטאט 875 מיליאן דאלאר, וואס רוזוועלט האט פארלאנגט, האט דער קאנגרעס באוויליגט 725 מיליאן דאלאר. דאס הייסט, אז ניט שפעטער ווי דעם 1 יוני וועט די צאל ארבייטסלאזע אין לאנד זיך פארגרעסערען מיט איין (1) מיליאן און הונדערט טויזענט. אום צו פארשטיין די גאנצע באדייטונג פון דער דאזיגער „עקאנאמיע" איז גענוג צו דערמאנען, אז ווען צווישען אקטאבער 1936 און אקטאבער 1937 האט די „דאבליו־פי־איי" געשניטען די צאל פון איהרע אנגעשטעלטע אויף איין (1) מיליאן, האט דאס ארויסגערופען א פארקלענערונג פון דער קויף־קראפט אין דער סומע צום ווינציגסטען אויף 25־30 מיליאן דאלאר א מאנאט — און פינף (5) מיליאן ארבייטער האבען פארלארען זייער ארבייט אין פריוואטע אינדוסטריען.

אפזאגען א מיליאן אנגעשטעלטע פון „דאבליו־פי־איי" הייסט פשוט איבערלאזען מענשען צו שטארבען פון הונגער. עס איז ניט אמת, אז זיי קענען איבערגיין צו „האם־רעליף". אין פילע שטאטען פארבאט דאס געזעץ געבען רעליף מענשען, וואס זיינען פייאיג צו ארבייטען. אנדערע שטאטען האבען פשוט קיין געלט ניט צו צאלען רעליף. אזוי, למשל, צאלט שיקאגא נאר 15 פראצענט פון דעם, וואס איז אבסאלוט נויטיג צו דערהאלטען די נשמה. פון א פארזיכטיגען אויספארשען איז פעסטגעשטעלט, אז ניט מעהר ווי א פינפטעל פון אלע אפגעזאגטע האבען א מעגלאכקייט צו באקומען רעליף — א

# פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער־לעבען

פון דר. יוסף קיסמאַן.

## דער פאַשיסטישער זיג אין שפּאַניע האָט אויפגערודערט די אַרבייטערשאַפט.



י אַ דונערשלאַג האָט געטראָפן די אייראָפּעאישע אַרבייטערשאַפט דער זיג פון די פאַשיסטישע באַנדעס אויף דער צעבלוטיקטער ערד פון דער שפּאַנישער רעפּובליק. אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך דריקן אויס די אָרגאַניזירטע אַרבייטער־מאַסען זייער פאַרביטערטע און אַלאַרמירטע שטימונג, אין דער פּרעסע, אין מיטינגען און גאַסען־מאַניפעסטאַציעס.

ווער עס איז נישט געשלאָגן מיט בלינדקייט, זעט היינט שוין קלאָר וואוהין עס האָט דערפירט די כיטרע „נאָן־אינטערווענשאָן־פּאָליטיק" פון די טשעמבערליינס און דעלאַדיעס. די „נייטראַלע" דעמאָקראַטיע איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז צו די לאָיאַליסטען זאָל חלילה נישט אַריינקומען קיין געווער און קיין אַמוניציע פון אויסלאַנד, פראַנקאָ אָבער האָט געזיגט מיט דער הילף פון דייטשע און איטאַליענישע קאַנאָנען, טאַנקען און עראָפּלאַנען און מיט דער הילף פון צענדליג טויזנטער איטאַליענישע „פריוויליקע" טרופּען. די טיפע טראַגעדיע פונ'ם שפּאַנישען פאָלק ווערט אַנטפּלעקט, ווען מען הערט, אַז די אַרמיי, וואָס האָט פאַרטיידיקט באַרצעלאָנאַ, האָט פאַרמאָגט אינגאַנצען 40 (פערציג) שווערע קאַנאָנען, פראַנקאָס אַרמיי — ניין מאָל אַזויפיל. האָבען זיך די העלדישע זין פון דער שפּאַנישער פאָלקס־רעפּובליק אַנטקעגענגעשטעלט מיט זייערע לייבער דעם מערדערישען פייער פון די פאַשיסטישע קאַנאָנען און פאַרטיידיגט זייער פרייהייט ביז צום לעצטען טראָפּען בלוט.

דער פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט פילט איצט מעהר ווי ווען ס'איז ביז אַהער, אַז אַרום דער וויכטיקסטער פּאָזיציע פון דער אייראָפּעאישער דעמאָקראַטיע ווערט עס געקעמפט אויף יענעם לעצטען שטיק פון דער פרייער שפּאַניע, וואָס ווערט נאָך פאַרטיידיקט פון דער פאָלקס־אַרמיי מיט'ן כוח פון פאַרצווייפלונג. ווי לאַנג וועלען זיך קענען האַלטען די העלדען פון שפּאַניע קעגען דער געוואַלדיגער איבערמאַכט פון די פאַשיסטישע באַנדעס? דאָס קאָן מען נישט פאָראויסזען. האָפענונגען אויף אַ זיג זיינען, צום באַדויערען, כמעט נישט פאַראַן.

אין אַ פאַרזאַמלונג אין פּאַריז האָט יוליוס דייטש, דער פירער פונ'ם סאָציאַליסטישען שוצבונד אין עסטרייך, געזאָגט: „מען טאָר נישט פאַרמאַכען די אויגען אויף דער אומגעהוירער היסטאָרישער באַדייטונג פון באַוואָפענטען אַנטי־פאַשיסטישען ווידערשטאַנד. ער איז אַליין פאַר זיך אַ וואונדערבאַרע הערהאָישע עפּאָפּיע. אָבער זיין היסטאָרישע אויסווירקונג, ווי עס זאָל נישט זיין דער אויסגאַנג פון קאַמף, וועט זיין אַן אומגעהייערע."

## די ענגלישע לעיבאָר־פּאַרטי רופט די מאַסען אַראָפּצוואַרפען די טאָרי־רעגירונג.

די ענגלישע לייבאָר־פּאַרטיי האָט איצט אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור קעגען דער פאַררעטערישער פּאָליטיק פונ'ם פּרעמיער־מיניסטער טשעמבערלעין. אין דער בראָשור, וואָס ווערט מאַסענהאַפט פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד, ווערט צום שאַנדסלופּ געשטעלט דער פאַרראַט פון דער דעמאָקראַטיע, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרען פון דער רעגירונג מיט איר פּאָליטיק פון איינבעטען מיט גוטען („אַפּיזמענט") די דיקטאַטאָרס. צווישען אַנדערס ווערט געזאָגט אין דער בראָשור: „אונזערע מלוכה־מענער האָבען מיט זייער אויסלענדישער פּאָליטיק דערפירט דערצו, אַז ברוטאַלע געוואַלט באַהערשט היינט די וועלט און די „מעגליכקייטען פון ווידערשטאַנד זיינען באַגרענעצט ביז גאָר. צי די רעגירונג האָט דאָס געטאָן צוליב שוואַכקייט, צי מיט'ן פרייען ווילען, איז נישט וויכטיג. אַלענפאַלס איז די איצטיגע רעגירונג געוואָרען די גרעסטע געפאַר פאַר דער עקזיסטענץ פון דער דעמאָקראַטיע."

מיט שטאַרקע ווערטער ווערען גערופען די מאַסען צום קאַמף, כדי אַראָפּצוואַרפען די איצטיגע רעגירונג פון די טאָריס, וואָס רופט זיך „נאַציאָנאַלע רעגירונג."

## די פראַנצויזישע יוניאָנס פאָדערן אַ קאָנפערענץ פון די דעמאָקראַטישע מלוכות.

נאָך פראַנקאָ'ס זיג איבער באַרצעלאָנאַ זיינען שוין היטלער און מוסאָליני געוואָרען די באַלעבאַטים פון דער דרום־גרענעץ פון פראַנקרייך, וואָס ציט זיך איבער דער לענג פון די פּירענייען־ברעג. פראַנקרייך איז היינט אַרומגערינגעלט פון שונאים אויף אַלע אירע גרענעצען.

די פראַנצויזישע יוניאָנס האָבען אַרויסגעשטעלט דעם פאַרלאַנג, אַז עס זאָל פאַררופען ווערען אַ קאָנפערענץ פון די דעמאָקראַטישע מלוכות. די גענעראַל־קאָנפעדעראַציע פון די יוניאָנס האָט אַרויסגעשיקט אַ קעיבל צום פּרעזידענט רוזוועלט, באַלד נאָכדעם ווי עס איז באַקאַנט געוואָרען אין אייראָפּע דער אינהאַלט פון זיין לעצטער רעדע פאַר שלום און דעמאָקראַטיע. אין דער טעלעגראַמע ווערט פּרעזידענט רוזוועלט אויפגעפאָדערט צו נעמען די איניציאַטיווע און צו רופען אַזאַ קאָנפערענץ, כדי צו ראַטעווען דעם וועלט־שלום און די דעמאָקראַטיע, כל זמן ס'איז נאָך צייט. אין פּאַריזער „פּעפּל", אָרגאַן פון די פראַנצויזישע יוניאָנס, שרייבט דער גענעראַל־סעקרעטאַר לעאָן זשואָ צווישען אַנדערס: „מען מוז אַ סוף מאַכען צו דער אומגליקליכער פּאָליטיק פון נאָן־אינטערווענשאָן. זאָלען אַלע וויסען, אַז אין קאָן שטייט דער וועלט־שלום, אין קאָן שטייט די לעבענס־זיכערהייט פון פראַנקרייך, די עקזיסטענץ גופא פון דער גאַנצער ציוויליזאַציע".

## דעבאַטען אין סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל וועגען קאַמף פאַר פרידען און דעמאָקראַטיע.

אין חודש יאַנואַר איז פאָרגעקומען אין בריסל אַ מיטינג פונ'ם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פונ'ם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל. אין איצטיגען מאָמענט פון העכסטער געפאַר, איז געוויינטליך די פראַגע פון וועלט־שלום און דעמאָקראַטיע געווען די וויכטיגסטע אויפ'ן טאָג־אָרדענונג. די מיינונגען זיינען זיך שטאַרק פונאַנדערגעגאַנגען. יעדע ריכטונג האָט צוגעשטעלט צום מיטינג אַ מעמאָראַנדום. דער מיטינג האָט אָפּגעלעגט דעם באַשלוס און דערוויל פונאַנדערגעשיקט די מעמאָראַנדומס צו אַלע אַנגעשלאָסענע פּאַרטייען. די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען זיינען פון גרעסטען אינטערעס פאַר דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט אויף גאָר דער וועלט. מיר וועלען דאָ מיט עטליכע ווערטער סקיצירען די פאַרשידענע שטאַנדפּונקטען:

לואי דע ברוקער, דער פּאָרזיצער פון אינטערנאַציאָנאַל, האַלט פאַר מעגלאַך, אַז בעת מלחמה אָדער בירגער־קריג זאָלען זיך שאַפען סיטואַציעס, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וועט נישט קענען איינהאַלטען באַשטימטע פאָרמען פון דעמאָקראַטיע. מען וועט זיך דאַן מוזען באַמיען איינצוהאַלטען דעם דעמאָקראַטישען גייסט און אָפּצושאַפען אַזוי שנעל ווי מעגלאַך די געצוואונגענע באַגרענצונגען פון פרייהייט. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג מוז קומען דערצו, צו אינטערנאַציאָנאַליזירען די סאָציאַליסטישע פּאָליטיק. דאָס פונקציאָנירען פון דער דעמאָקראַטיע אין איין מלוכה איז אָפּהענגיק פון דער ווירקזאַמקייט פון דער דעמאָקראַטיע אין אינטערנאַציאָנאַלען מאַסשטאַב. די אַרבייטער מוזען זיך אַקטיוו באַטייליגען אין ווידערשטאַנד קעגען אַנגריף פון אַ פאַשיסטישער מאַכט. דער הויפּט־טראָפּ פון דער פּאָליטיק מוז געלעגט ווערען אויף קאָלעקטיווער זיכערקייט. דער ציל איז און בלייבט דער סאָציאַליזם. עס איז אַ סך וויניגער וויכטיג, איבערצורוקען גרענעצען ווי אָפּצושאַפען גרענעצען. „דער שלום וועט זיין פולקאָם און גוזיכערט" — ענדיגט זיך דער מעמאָראַנדום — „בלויז אין דער אָרגאַניזירטער פרייהייט, אין דער טאָטאַלער דעמאָקראַטיע, וואָס איז דער סאָציאַליזם".

זשיראָמסקי, דער פירער פונ'ם לינקען פליגעל פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי שטרייכט אונטער די נויטווענדיגקייט פון פאָלקס־פראָנט אין קאַמף קעגען פאַשיזם. אויך האַלט ער פאַר נייטיג אַ ציטווייליגע דיקטאַטור אין דער צייט פון איבערגאַנג צווישען קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם.

די רוסישע מענשעוויקעס האָבען אַריינגעטראָגען צוויי מעמאָראַנדומס: איין גרופּע — אַבראַמאָוויטש, ניקאָלאַיעווסקי און אַראָנסאָן — וואַרפט קאַטעגאָריש אָפּ יעדען געדאַנק פון דיקטאַטור אויך בשעת דער איבערגאַנגס צייט. אַ צווייטע גרופּע — דאַן, יוגאָוו און שוואַרץ — אַנערקענט, אַז עס קענען געמאָלט זיין סיטואַציעס אין דער איבערגאַנגס־צייט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וועט מוזען באַגרענעצען די דעמאָקראַטישע פרייהייטען, אָבער דאָס טאָר באַין אופן נישט חל זיין אויף די אַרבייטענדיקע שיכטען, וואָס בילדען דעם נאַטירלאַכען באַזיס פון אַזאַ מאַכט.

## אומצופרידענהייט וואַקסט ביי די אַרבייטער אין דייטשלאַנד.

איבער גאַנץ דייטשלאַנד גייט איצט אַ כוואַליע פון שנידען ווידזשעס. דעם סיגנאַל דערצו האָט געגעבען די אייזענבאַן, דאָס איז אַן אינסטיטוציע, וואָס געפינט זיך אונטער דער פאַרוואַלטונג פון דער מלוכה. מען האָט פאַרקלענערט די ווידזשעס מיט 12 ביז 18 פּראָצענט. „אויב די „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע" אייזענבאַן מעג", האָבען געזאָגט די פּריוואַטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, „מעגען מיר אודאי" און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ וועט־געלויף מיט שנידען ווידזשעס. דער רעזשים שיסט דערביי צוויי האָזען מיט אַמאָל: עס ווערען צופרידענגעשטעלט די אונטערנעמער, וועלכע שרעקען זיך אין דער לעצטער צייט פאַר'ן „סאָציאַליזם" פון דער רעגירונג. אין דער זעלבער צייט ווערען געצוואונגען די אַרבייטער אינטענסיווער צו אַרבייטען, כדי צו קאָמפּענסירען די פאַרקלענערטע שטיק־פרייזען מיט מעהר אַרבייט. דערמיט זאָל כאָטש צום טייל געדעקט ווערען יענער דעפיציט, וואָס איז אַריינגעריסען געוואָרען אין דער נאַציאָנאַלער פּראָדוקציע צוליב דעם, וואָס עס זיינען אַריבערגעפירט געוואָרען פיר יאָר גענוג אַרבייטער און אַנגעשטעלטע צום אַרבייטס־דינסט אויף צו בויען באַפעסטיגונגען פאַר מיליטערישע צוועקען.

פונ'ם אַכט־שעה'דיגען אַרבייטסטאָג איז שוין נישט געבליבען קיין זכר אין דייטשלאַנד. מיט צינישער אָפנהאַרציגקייט ערקלערט דער אָרגאַן פון אַרבייטס־מיניסטעריום „דייטשעס אַרבייטס רעכט", אַז מען מוז פאַקטיש אַרבייטען אַ סך מעהרער ווי אַכט שעה אַ טאָג, אין איינצעלנע פאַבריקען באַטרעפט די אַרבייטס־צייט דורכשניטלאַך (!) 10 שעה אַ טאָג.

אין אַ סך פאַבריקען הייבט אָן צו וואַקסען דער ווידערשטאַנד קעגען דער דאָזיגער עקספּלואַטאַציע. באַזונדערס שטאַרק איז ער אין־רור־געביט. דער דאָרטיגער אָרגאַן פון „נאַציאָנאַלען אַרבייטס פראָנט" האָט געמוזט אַרויס מיט לשון. די צייטונג וואָרענט פאַר איבערציען דאָס שטריקעל און זאָגט: „דאָס צופיל באַלאַסטען דעם שאַפענדיגען מענשען, קאָן לייכט שטעלען אונטער אַ פראַגע צייכען די פרידלאַכע און געמיינשאַפטלאַכע צוזאַמענאַרבייט צווישען אַרבייטער און אונטערנעמער."

אַפּנים האָט די געדולד אַ גרענעץ אויך ביי דייטשע אַרבייטער, ביסלאַכווייז הויבט זי אָן פּלאַצען.

## דאַלאַדיע'ס „שטאַרקע האַנט" אין דער אינערליכער פּאָליטיק.

אין דער אויסערלאַכער פּאָליטיק גייט נאָך די פראַנצויזישע רעגירונג, טריט ביי טריט, ממש ביז צום נאַציאָנאַלען זעלבסטמאָרד, דעם וועגווייזער איהרען טשעמבערלעין. דער פּרעמיער־מיניסטער דאַלאַדיע און ספּעציעל דער אויסערן־מיניסטער באָנע ווייזען אַרויס דעם פריינטלאַכסטען שמייכעל די פאַשיסטישע שכנים, וועלכע פאַרמעסטען זיך, איינצושלינגען פראַנקרייך און די גאַנצע וועלט. גאָר אַ באַזונדערע ענערגיע, ממש אַן אייזערנע האַנט ווייזט אָבער אַרויס די רעגירונג געגען די אייגענע פראַנצויזישע אַרבייטער.

נאָך דעם גענעראַל־סטרייק פון לעצטען נאָוועמבער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַ רעגען מיט די שאַרפסטע שטראָפען קעגען די סטרייקערס. ביי 1700 אַרבייטער זיינען פאַר'משפּט געוואָרען צו גרעסערע און קלענערע קערקער־שטראָפען. די יוניאָנס פירען אַ שאַרפען קאַמף פאַר אַן אַלגעמיינער אַמנעסטיע. אין פּאַרלאַמענט ווערט די דאָזיגע פאָדערונג פאַרטרעטען פון סאָציאַליסטען און קאָמוניסטען און אונטערגעהאַלטען פון אַנדערע לינקע גרופּען, אָבער די רעגירונג, וואָס זוכט פאַרשטענדיגונג מיט די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרס, וויל נישט וויסען פון קיין מילדקייט קעגען אייגענע פראַנצויזישע אַרבייטער. בשעת די אַמנעסטיע־פאָדערונג ווערט צוריקגעוויזען פון דער רעגירונג, טוען זיך די געריכטען ווייטער זייער אַרבייט אויף אַ גרויזאַמען אופן. ספּעציעל האָט אַרויסגערופען גרויס צאָרן און פאַרביטערונג אין דער פראַנ־

# אַ צוויייענדיגער פאַרלוסט

(געדאַנקען און שטימונגען ביים פרישען קבר פון ש. יאַנאָווסקי)

### פון ש. פאַרבער.



ויט איז פונקט אַזאַ אינטעגראַלער טייל פון לעבען ווי געבורט. אָן טויט וואָלט לעבען ניט מעגליך געווען, פונקט ווי אָן לעבען וואָלט טויט ניט עקזיסטירט".

זיינען דאָס אמת'ן וואָס יעדער פון אונז ווייסט. און וועגן וועלכע מיר פילאָזאָפירען אָפּט. אָבער נאָר דעמאָלט ווען מיר טראַכטען אַבסטראַקט אָדער ווען מיר ערפאַרען וועגען דעם טויט פון אַן אונז אומבאַקאַנטען מענשען. אַנדערש פילען מיר אָבער ווען עס שטאַרבט אַ נאָענטער, אַן אייגענער. דעמאָלט ארבייט ניט דער געדאַנק נאָר די געפילען. און געפילען פילאָזאָפירען ניט, זיי טוען וויי.

און דער ווייטאָג וואָס מיר פילען ביי אַ פרישען קבר איז אויך ניט אַלעמאָל גלייך. עס ווענדט זיך אָן דעם פּלאַץ וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט פאַרנומען ביים לעבען. איז עס געווען בלויז אַ נאָענטער, אַ פריינד, איינער וואָס האָט ניט באַזונדערס באַאיינפלוסט אונזער לעבען אונזערע געדאַנקען, איז דער ווייטאָג בלויז אַן אינסטינקטיווער, עס טוט וועה וואָס מען האָט פאַרלאָרען עטוואָס וואָס איז אייגענס. שטאַרבט אָבער אַ מענש וואָס האָט גייסטיג באַהערשט אונזערע געדאַנקען, איינער וועלכער האָט טיף איינגעקריצט זיין שטעמפּעל אין דעם קרייז אין וועלכע מיר געפינען זיך, דאַמאָלסט איז דער ווייטאָג אַ צווייאיגער: עס איז אַן אייגענער מענש אַוועק! וויינט דאָס האַרץ; עס איז פאַרשוואונדען דער מייסטער וואָס האָט אונזער קרייז אונזער געדאַנקען־גאַנג געהאָלפען פאָרמירען, פּלאָנטערט אין מוח.

אָט די געדאַנקען זיינען מיר אויפגעשוואומען שטייהענדיג ביים אָרון פון ש. יאַנאָווסקי פרייטאָג, דעם 3טען פעברואַר, אין פאָרווערטס האָל, וואו עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די פאָרטרעטער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פון די אידישע יוניאָנס מיט אים זיך צו געזעגענען און אים מספּיד זיין.

רעדט גענאָסע אב. קאַהאַן, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס". דערמאָנט די מיינונגס־פאַרשידענהייטען און די הייסע שטרייטען וואָס זיי האָבען געפירט אַמאָל, ווען די רַאדיקאַלע באַוועגונג צווישען די אידישע מאַסען אין אַמעריקע איז נאָך אין אירע וויקעלאָך געווען.ביידע צוויי אידישע אינטעליגענטען פון רוסלאַנד וועלכע זיינען פאַרוואָגעלט געוואָרען אין אַ פרעמדען לאַנד. ביידע רעדען נאָך הויפּטזאַכליך רוסיש. זיי האָבען ליב די שפּראַך פון די טשערנישעווסקים און מיכאַילאָווסקיס, די שפּראַך פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. איינער אַ סאָציאַל דעמאָקראַט, דער צווייטער, יאַנאָווסקי, אַן אַנאַרכיסט. דעבאַטירט מען און מען קריגט זיך אָפּט. אָבער פיינט האָבען קען מען זיך ניט. עס איז אַ קריג לשם מצווה, מען קריגט זיך צוליב אידעאַלען.

רעדט פּרעזידענט דובינסקי. ער האָט געקענט יאַנאָווסקי'ן פון די שפּעטערדיגע יאָרען. ווען ער איז געווען רעדאַקטאָר פון דער „גערעכטיגקייט" און פלעגט זיך באַטייליגען אין די זיצונגען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד. „מיר האָבען געהאַט אָפּט מיינונגספאַרשידענהייטען — דערציילט פּרעזידענט דובינסקי — ער האָט געהאַט זיינע אייגענע מיינונגען איבער טאַקטישע פראַגען און ער האָט זיי אַלע מאָל אַרויסגעזאָגט קלאָר און שאַרף. ער האָט זיך ניט וושעניִרט און זיי ניט באַהאַלטען. ער האָט אָבער קיין מאָל ניט געטאָן עטוואָס וואָס זאָל שטערען דער אָרגאַניזאַציע".

רעדען פאָרשטייער פון אַרבייטער רינג, פון י. ל. פּרץ פאַראיין, רײדען קאָלעגען פון דער שרייבער פּראָפעסיע, פאָרשטייער פון דער אַנאַרכיסטישער פעדעראַציע און פון דער „פרייע אַרבייטער שטימע", וועלכע ער האָט רעדאַגירט און אויפגעבויט. אַלע דריקען זיי אויס טרויער אויפן פאַרלוסט. אַלע דערציילען זיי וועגען די פאַרדינסטען פון דעם פאַרשטאָרבענעם יאַנאָווסקי אין דעם געביט פון זייער אַרבייט און טעטיגקייט. הער איך דעם „רעקוויעם" ווי עס פלעכטען זיך די שטימען פון די מספּידים און עס דוכט זיך מיר אַז צוויי שטימען פעלען אין דעם כאָר.

עס פעלט די שטימע פון דעם ראַדיקאַלען שרייבער וועמען יאַנאָווסקי האָט אויף דער טריבונע אַרויפגעבראַכט. דער וועמען ער האָט אויף זיין שאַרפען, פעפערדיגען אויפן די קונסט פון שרייבען געלערנט. דעם וועמען ער האָט שאַרף קריטיקירט און אפילו צייטענווייז געזידעלט אָבער בלויז ווי אַ שטרענגער לערער וואָס וויל פון זיין גראָטענעם תלמיד אַרויסברייגען דאָס בעסטע וואָס זיין טאַלאַנט באַזיצט.

וואו איז ער דער שרייבער?

אפשר איז ער גרויס געוואָרען, זיין רבי'ן אַריבערגעוואַקסען. אפשר איז ער פון די דרכים פון זיין רבי'ן אַוועק, זיינע אידעאַלען פאַרגעסען און שעמט זיך איצטער דאָס פּנים צו ווייזען. און אפשר האָט אים דאָס האַרץ פאַרקלעמט און ער וויינט אין דער שטיל. אָבער ער איז ניטאָ און זיין שטימע הערט זיך ניט אין כאָר.

עס פעלט אויך דער פּשוט'ער אַרבייטער. דער, מיט וועמען יאַנאָווסקי האָט דורך זיינע אַרטיקלען און פון דער פּלאַטפאָרמע דעם אלף־בית פון פרייען דענקען געלערנט. וועמען ער האָט שאַרף ווי געטאָן מיט זיין אַפּיקורסות. אויך זיין שטימע פעלט אין כאָר.

הער איך די הספּדים און באַדויער וואָס עס פעלען די צוויי שטימען. גריבעל איך זיך און טראַכט: נו! וואָס איז מיט מיר אַליין? וואָס איז יאַנאָווסקי פאַר מיר געווען?

פאַר מיר איז יאַנאָווסקי געווען אַן אייגענער. אַ קרוב, אַן עלטערער פון מיין אידעען־קרייז. האָבען מיר, ווי קרובים, זיך צייטענווייז גע'ברוגז'ט, אַפילו געקריגט זיך ווען מיר זיינען ניט געווען איינפאַרשטאַנען. אַ לאַנגע צייט זיך אַפילו ניט געזען. אָבער דער געפיל פון אייגענס איז קיין מאָל ניט פאַרלאָרען געגאַנגען.

באַלד 35 יאָר האָבען מיר זיך געקענט. ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָבען מיר זיך צעקריגט. עס איז כאַראַקטעריסטיש איבער וואָס. איך האָב אים אַריינגעשיקט אַ פּאָר סאָנעטען פון דאָבראָליובאָוו, איבערזעצט אין אידיש און האָב אים געבעטען עס דרוקען. ער האָט איינע פון זיי אָפּגעדרוקט אין בריוו־קאַסטען מיט אַ באַמערקונג, אַז די איבערזעצונג איז זייער אַ געלונגענע. דאָס האָט מיר שרעקליך פאַרדראָסען. איך האָב עס געהאַלטען פאַר אַ חילול הקודש. בין איך געקומען צו אים אין רעדאַקציע, אין ראַטגערס סטריט, אין קעלער, קריגען זיך. אַ שטיק צייט בין איך ברוגז געווען. נאָכדעם האָבען מיר זיך איבערגעבעטען. יאַנאָווסקי איז געווען מיין ערשטער רעדאַקטאָר און זיין באַציהונג, אַפילו זיין בייסענדע קריטיק, איז געווען ליב, ווייל אויפריכטיג. זיינע מיינונגען, אַפילו ווען איך בין מיט אים ניט איינשטימיג געווען, פלעגט אָנרעגען צום דענקען זעלבסטשטענדיג. איך גלויב אַז יעדער האָט געמוזט פילען, אַז יאַנאָווסקי וויל גאָר ניט מען זאָל מיט אים איינשטימען. זיין אַפּיקורסות איז אָפּט געווען אַ מיטעל אַרויסצורופען געגנערישע געדאַנקען. און כאָטש ער פלעגט כלומר'שט אין כעס ווערען, האָט עס אים אין דער אמת'ן הנאה געטאָן וואָס יענער לעבט ניט מיט יענעמס קאָפּ, נאָר טראַכט אַליין.

אין יאַנאָווסקי'ן האָב איך פאַרלאָרען אי אַ נאָענטען מענשען, אי איינעם וועלכער האָט איינגעקריצט זיין שטעמפּעל אויף דער באַוועגונג און אין דעם קרייז אין וועלכען איך האָב זיך מיין גאַנץ לעבען געפונען. דער ווייטאָג איז דעריבער אַ טאָפּעלטער. עס איז אַ צווייאיגער פאַרלוסט.

זאָל דאָס זיין אַ טרייסט פאַר דער אלמנה און די קינדער פון דעם פאַרשטאָרבענעם. ניט זיי אַליין האָבען געליטען דעם שווערען פאַרלוסט. אַ סך, אַ סך פריינט און חברים, טרויערען מיט זיי אויפן טויט פון דער גרויסער פערזענליכקייט ש. יאַנאָווסקי.



ש. יאַנאָווסקי

# לידער

### פון אברהם רייזען

פיל דרייסטע געדאַנקען —
זיי וויקלען מיר איין...
זיי שטילען און צאַנקען
און בענקען נאָך שיין...

## פאַרנאַכט

נאָכ'ן זונפאַרגאַנג,
פאַר דעם אָוענט־שטערן,
קענסטו דאַן דעם גאַנג
פון דער צייט דערהערען.

ווען די גרעזער גרין
אין דער שטיל זיך וויגען;
הערט דאַן האַרץ און זין
פון דער וועלט דעם ניגון.

און אין ווינט, וואָס וועהט,
הערסטו ווייטע לידער,
און אין ווייט דאָרט געהט
שוין דערפרעהט דער מידער...

עס זיינען פאַראַנען
פיל טעג אין דער וואָך...
פון דאָרטען ביז דאַנען —
עס ציט זיך דער יאָך...

אַ היינט און אַ מאָרגען —
דער שטענדיגער גאַנג...
מען מוז אָפּט פאַרבאָרגען
דעם שענסטען פאַרלאַנג.

## פאַרויס

אַלץ וואָס דו וואָלסט וועלען
איז דיר שווער צו גרייכען;
ס'איז דיר מעהר געפעלען
בלויז אַ וואונק, אַ צייכען...

גליקען ווי די בליצען.
אָט געווען — פאַרגאַנגען;
איידער דאָ באַזיצען,
בעסער ווייט פאַרלאַנגען...

וואו דו זאָלסט נאָר ציהען
וואָלסטו גליק געפונען;
זאָל דיין גליק נאָכפליהען
אַלע זונען...

וואו דו וואָלסט געקומען
וואָלסטו פריינט געטראָפען;
וואָרט דיין האַרץ פאַרנומען
מיט דעם שעהנעם האָפען...

# אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג

(איבערזיכט)
פון ש. פּ.



אַר אַ שיין פון האָפנונג פאַר פרידען אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג האָט דעם פאַרגאַנגענעם מאָנאַט אויפגעבליצט און שנעל אויסגעלאָשען געוואָרען. פּאַסירט האָט עס ביים מיטינג פון עקזעקוטיוו קאָונסיל פון דער אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין מיאַמי, פלאָרידאַ, די ערשטע צוויי וואָכען פון דעם מאָנאַט.

אָנגעהויבען האָט זיך דער מיטינג אונטער די קלאַנגען פון פרידענס טענער. דעם טאָג וואָס די זיצונגען האָבען זיך אָנגעהויבען, דעם 30טען יאַנואַר, האָט פּרעזידענט גרין געזאָגט ציימונגס קאָרעספּאָנדענטען, אַז ער וועט ביי די זיצונגען פון קאָונסיל אָפּגעבען אַ פולען באַריכט וועגען די אַנטוויקלונגען אין ברודער קריג דורך די לעצטע עטליכע מאָנאַטען. ער האָט אויך ערקלערט, אַז „ער פילט אַז די סי. אַי. אָ. איז איצט מער אויפגעלייגט פאַר איינינקייט". פּרעזידענט גרין האָט צוגעגעבען, אַז ער האָט ערהאַלטען פילע אויפפאָדערונגען אָפּצושטעלען דעם קאַמף אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג, סיי פון מיטגלידער און אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אַז דער פעדערעישאַן און סיי פון איינפלוסרייכע פּערזאָנען אויסערהאַלב דער טרייד יוניאָן באַוועגונג.

וועגען די אויסזיכטען פון פרידען, האָט פּרעזידעט גרין זיך אָנטזאָגט צו זאָגען עטוואָס פּאָזיטיוועס. ער האָט אָבער ערקלערט אַז פּסיכאָלאָגיש איז איינינקייט איצט פיל נענטער ווי געווען, ווייל ביידע צדדים זיינען איצט פרידליכער געשטימט. טעכניש אָבער האָט ער אָנגעוויזען, ווערט וואָס ווייטער אַלץ שווערער צו שאַפען איינינקייט איבער דעם וואָס די צאָל דואַל יוניאָנס ווערט גרעסער.

אונטער די אומשטענדען האָט מען געמעגט ערוואַרטען, אַז דער עקזעקוטיוו קאָונסיל וועט אַרויסקומען מיט אַ פרידענס פאָרשלאָג אָדער אַ פּלאַן פאַר פאַרהאַנדלונגען וועגען פרידען. דאָס איז אָבער ניט געווען דער פאַל. דורך די צוויי וואָכען וואָס די זיצונגען פון קאָונסיל האָבען אָנגעהאַלטען איז, עפּענטליך ווייניגסטענס, ניט געמאַכט געוואָרען דער מינדעסטער פאַרזוך פאַר דערגרענטערונג אָדער פרידען. פאַרקערט, יעדער באַשלוס וואָס איז דאָרט אָנגענומען געוואָרען האָט ווי געצילט אַבזיכטליך צו פאַרשאַרפען דעם קאַמף, טיפער צו מאַכען דעם אָפּגרונט צווישען די צוויי פראַקציעס אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג.

## קאַמף אויפן פּאָליטישען געביט

ווי ווייט די צוויי טיילען פון דער טרייד יוניאָן באַוועגונג זיינען איינע פון די אַנדערע איז אונטערגעשטראָכען געוואָרען אין זייער שטעלונג צו וויכטיגע פּאָליטישע און געזעץ־געבערישע פראַגען. די שטעלונג פון עקזעקוטיוו קאָונסיל צו די פראַגען האָט צייטענווייז אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון להכעיס פּאָליטיק.

וואָרום ווי אַנדערש קאָן מען ערקלערען די שטעלונג פון עקזעקוטיוו קאָונסיל צו אַזוינע פראַגען ווי ענדערען דעם לעיבאָר רילעישאָנס אַקט, די רעגירונגס אויסגאַבען פאַר שטיצע פאַר די אַרבייטסלאָזע און ענליכע געזעצען? אמת, גרין האָט געהאַלטען אין איין פאַרענטפערען זיך, אַז ער זוכט ניט צו שעדיגען אָדער אָפּשוואַכען דעם וואַגנער אַקט נאָר אים צו פאַרשטאַרקען. צוויי פון די ענדערונגען אָבער וואָס דער עקזעקוטיוו קאָונסיל שטיצט, מוז סוף כל סוף שעדיגען אַלע יוניאָנס, איינגעשלאָסען די פון דער פעדערעישאַן. ווען מען גיט די בעלי בתים דאָס רעכט צו פאָדערען אַז די לעיבאָר באָאַרד זאָל דורכפירען אַן אָפּשטימונג צווישען זייערע אַרבייטער ווען זיי ווילען זאָל זיי פאַרטרעטען, קען מען זיין זיכער אַז זיי וועלען אַזאַ פאָדערונג שטעלען דאַן ווען זיי וועלען זיכער זיין, אַז זייערע אַרבייטער וועלען שטימען געגען יעדע יוניאָן אָדער פאַר דער יוניאָן וואָס איז גרייט אָנצונעמען די ערגערע באַדינגונגען פאַר די אַרבייטער. מיט דער איצטיגער קאָנקורענץ צווישען דער סי. אַי. אָ. און דער, אַ. פּ. אָוו ל. אין פילע אינדוסטריען, וועלען די באָסעס זיין פאַראינטערעסירט אַז אַן אָפּשטימונג זאָל געמאַכט ווערען אַזוי שנעל ווי אָרגאַניזערס באַווייזען זיך אין זייער אינדוסטרי און איידער זיי האָבען נאָך געהאַט די געלעגענהייט צו אָרגאַניזירען אַ מערהייט פון די אַרבייטער. דער אַמענדמענט צו ערלויבען די בעלי בתים פאָדערען די ביכער פון דער יוניאָן מיינט געבען זיי אַ געווער אין האַנט אויסצוגעפינען וועלכע אַרבייטער זיינען זייערע מיטגלידער אין דער יוניאָן און זוכען פון זיי פּטור צו ווערען. ערלויבען די געריכטען צו רעווידירען די אַנטשיידונגען פון דער לעיבאָר באָאַרד, ניט נאָר אין פראַגען פון געזעץ נאָר אויך אין באַצוג צו די פאַקטען וואָס זיי האָבען פעסטגעשטעלט, מיינט געבען די אַרבייטס־געבער די מעגליכקייט צו פאַרציהען דאָס דורכפירען פון אַנטשיידונגען צו גונסטען די אַרבייטער פאַר חדשים און יאָרען און אַזוי אויסמאַטערען די יוניאָן מיטגלידער אַז זיי זאָלען מוזען אָוועק פון שאָפּ.

וועגען דער פראַגע פון רעגירונגס־הילף פאַר אַרבייטסלאָזע האָט דער קאָונסיל פאַרעפענטליכט אַ זייער לאַנגע דעקלאַראַציע אין וועלכער ער זוכט צו באַרעכטיגען זיין שטעלונג פאַר הנחות צו קאַפּיטאַל אום צו ערמוטיגען זיי צו אינוועסטירען געלט און פאַרגרעסערען פּראָדוקציע. ווען מען וואָרפט אָבער אַרויס די לאַנגע פראַזען פון דער ערקלערונג, בלייבט איבער אַ פּראָגראַם וואָס איז כמעט ווי צוויי טראָפּען וואַסער ענליך צו דער פּראָגראַם פון די רעפּובליקאַנער געגנער פון ניו דיעל און פון דער נעשאַנאַל טשעמבער אָוו קאָמוירס. דער פּלאַן איז צו ערמוטיגען פּריוואַט קאַפּיטאַל דורך פאַרקלענערען טעקסעס, דורך אויפגעבען די רעגירונגס קאָנקורענץ צו פּריוואַטע אונטערנעמונגען און דורך לויז לאָזען דעם רעגירונגס קאָנטראָל איבער פינאַנץ אינסטיטוציעס וואָס זי האָט איינגעפירט אונטערן דרוק פון קריזיס.

כאָטש עס איז אמת אַז די פירער פון דער אַ. פּ. אָוו ל. זיינען אַלע מאָל געשטאַנען פעסט פאַר קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און געגען רעגירונגס אַריינמישונג, איז זיך אָבער שווער פאָרצושטעלען אַז זיי זאָלען ניט האָבען איינגעזען דורך די צען יאָר קריזיס, און איבערהויפּט דורך די ערשטע פיר יאָר פון דער הואָווער אַדמיניסטראַציע, אַז איבערלאָזען די אַרבייטסלאָזע אויפן גנאָד פון די פּריוואַט קאַפּיטאַליסטען, מיינט פאַראורטיילען זיי צו הונגער און בעטעל־ברויט. עס איז אויך קוים גלויבליך אַז מענשען ערפאַרענע ווי די פירער פן דער פעדערעישאַן, זאָלען גלויבען אַז אונטער די איצטיגע אומשטענדען וועלען די פּריוואַט אונטערנעמער זיין אימשטאַנד און וויליג צו געבען באַשעפטיגונג צו די איבער צען מיליאָן אַרבייטסלאָזע און זיי צוריק אַריינציען אין דער אינדוסטרי. גיכער לייגט זיך אויפן שכל אַז די דעקלאַראַציע האָט אַ פּאָליטישען גאַכ'טעם. אַזוי ווי די סי. אַי. אָ. שטייט שטאַל און אייזען הינטער דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דעם ניו דיעל, אַזוי ווי די פירערשאַפט פון דער פעדערעישאַן פאַרדעכטיגט אַז די איצטיגע אַדמיניסטראַציע איז מער סימפּאַטיש צו דער אינדוסטריעלער פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע אין די יוניאָנס און איז דעריבער פריינדליכער צו דער סי. אַי. אָ., דעריבער דאַרפען זיי אָננעמען אַ פיינדליכע שטעלונג צו דער אַדמיניסטראַציע אין וואַשינגטאָן און זיך שטעלען אויף דער פּלאַטפאָרמע פון די רעפּובליקאַנער. דערפאַר שוין אויך די פאָדערונג פאַר אַמענדירען דעם וואַגנער אַקט און די געגנערשאַפט צו דער גאַנצער עקאָנאָמישער פּראָגראַם פון ניו דיעל. דאָס איז אין אַנדערע ווערטער אַ להכעיס פּאָליטיק געגען דער סי. אַי. אָ. עס איז ווי דאָס ווערטעל גייט: זיך ביידע אויגען אַבי דעם געגנער איין אויג.

## די אַנדערע באַשלוסען פון קאָונסיל

אין די אַנדערע באַשלוסען פון קאָונסיל האָט זיך אויך געמערקט דער זעלבער להכעיס געפיל. אַזוי אין באַצוג צו דעם רוף פון דער סי. אַי. אָ. צו באַטייליגען זיך אין די פּריימעריס פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און זען אַז עס זאָלען ערוויילט ווערען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן וואָס שטייען פאַר אַ ליבעראַלער פּראָגראַם און ליבעראַלע קאַנדידאַטען. די אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר האָט אויפגעפאָדערט די יוניאָנס ניט נאָכצופאָלגען די נאָן־פּאַרטיזאַן ליג און בעסער אָרגאַניזירען אַן אייגענע קערפּערשאַפט וועלכע זאָל זיין אומפּאַרטייאיש אויף דעם טראַדיציאָנעלען אופן. אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלען געביט האָט דער עקזעקוטיוו קאָונסיל געזוכט צו פאַרשטאַרקען זיין אָרגאַניזאַציע אין די פעכען וואו דער ברודער־קאַמף איז אַמשטאַרקסטען. דער קאָונסיל האָט באַפוילען פּרעזידענט גרין גלייך צונויפרופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע פאַרטרעטער פון די יוניאָנס פון ים־אַרבייטער אום איינצושטעלען אַ מאַרין דעפּאַרטמענט אין דער פעדערעישאַן. די האַנדלונג וועט נאָך מער פאַרשאַרפען דעם ברודער קריג אין די מאַרין יוניאָנס וועלכע זיינען שוין אַזוי אויך צעריסען און צעבראָקעלט מיט יוריסדיקציע קאַמפען וועלכע דערגייהען אָפט צו פּשוט'ע סקעבעריי.

דער קאָונסיל האָט אויך צוריקגעקערט דעם אינטערנעשאַנאַל טשאַרטער צו די לאָקאַלס פון דער טעקסטיל אַרבייטער יוניאָן וועלכע האָבען זיך אָפּגעריסען פון דער סי. אַי. אָ. פּרעזידענט גאָרמאַן איז אָנערקענט געוואָרען אַלס צייטווייליגער פּרעזידענט פון דער יונאַיטעד טעקסטיל וואָרקערס יוניאָן און אַן אָרגאַניזאַציאָנס קעמפּעין אין דער אינדוסטרי וועט גלייך אָנגעהויבען ווערען.

עס האָט אויך געהאַלטען דערביי אַז די פעדערעישאַן זאָל אַרויסגעבען אַן אינטערנעשאַנאַל טשאַרטער צו די צעמענט אַרבייטער אין דירעקטער אָפּאָזיציע צו די צעמענט אַרבייטער יוניאָן פון דער סי. אַי. אָ. דער איינציגער אָפּהאַלט איז געווען דאָס וואָס די האָד קעריערס זוכען צו קריגען יוריסדיקציע איבער די אַרבייטער. אַזוי שנעל ווי די צוויי וועלען זיך אויסגלייכען צווישען זיך, וועט אַ טשאַרטער אַרויסגעגעבען ווערען און מיר וועלען האָבען נאָך צוויי קאָנקורירענדע יוניאָנס אין איין טרייד.

## אויף וואָס האָפט די אַ. פּ. אָוו ל.

ערשט אין ליכט פון די האַנדלונגען און באַשלוסען ווערט קלאָר די באַדייטונג פון פּרעזידענט גרין'ס סטעיטמענט אַז די אויסזיכטען אויף פרידען אין דער טרעיד יוניאָן באַוועגונג זיינען איצט בעסער ווי געווען. די האָפענונג זיינע שיינט צו זיין געבויט אויף דער אָפּשוואַכונג פון דער סי. אַי. אָ. דורך די אינערליכע צוויסטיגקייטען און שפּאַלטונגען אין אירע רייען. די קאָרעספּאָנדענטען האָבען כסדר באַטאָנט דעם אינטערעס וואָס די פירער פון דער פעדערעישאַן האָבען אַרויסגעוויזען אין דעם קאַמף צווישען פּרעזידענט האָמער מאַרטין און די מערהייט פון זיין גענעראַל עקזעקוטיוו אין דער אויטאָמאָביל אַרבייטער יוניאָן, די קאַמפען אין דער מאַרין אינדוסטרי, אין דער טעקסטיל אינדוסטרי און איבעראַל וואו די אַרבייטער רייסען זיך אַרום. די פירער פון דער פעדערעישאַן שיינט עס מאַכען איצט דעם זעלביגען טעות וואָס די פירער פון דער סי. אַי. אָ. האָבען געמאַכט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען זיי האָבען געהאָפט אַז די, אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר וועט שנעל צוזאַמענברעכען און וועט פאַרלירען איר מאַכט. יענע האָבען זיך אָפּגענאַרט. די ערפאַרונג האָט געוויזען, אַז די פעדערעישאַן איז ניט נאָר ניט צוזאַמענגעבראָכען, נאָר זי איז נאָך פיל שטאַרקער געוואָרען. זי האָט פאַרגרעסערט איר צאָל מיטגלידער און אויך איר איינפלוס אין דער אינדוסטרי און אין די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען איז זייט דאַמאָלסט געוואָרען שטאַרקער. אויך די פירער פון דער פעדערעישאַן מאַכען איצט אַ טעות אויב זיי דענקען אַז די סי. אַי. אָ. וועט צוזאַמענברעכען איבער די שפּאַלטונגען אין געוויסע יוניאָנס. די הויפּט קראַפט פון דער סי. אַי. אָ. איז אין די מיינערס און אין דער אַמאַלגאַמייטעד וועלכע די פעדערעישאַן קען ניט ברעכען. די שטאָל, ראַבער און גלאָז אַרבייטער יוניאָנס זיינען אויך פעסט און איינינ. אַזוי לאַנג ווי דאָס איז דער פאַל וועט די סי. אַי. אָ. בלייבען אַ מאַכט ניט קלענער, ווייניגסטענס ניט פיל שוואַכער ווי די פעדערעישאַן, אָפילו ווען עס זאָל דער לעצטער געלינגען איר אַנצוטאָן פיל

צוויזישער אַרבייטערשאַפט איינס פון די לעצטע אורטיילען, מיט צוויי וואָכען צוריק: צוויי אַרבייטער־פירער פון קלערמאָן־פעראַן זיינען פאַר'משפט געוואָרען, איינער צו 8, דער צווייטער צו 18 מאָנאַט קערקער.

## די סאָציאַלע געזעצען אין פראַנקרייך אין געפאַר.

די אַרבייטער־שוץ־געזעצען, וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרען פון דער רעגירונג לעאָן בלום, ווערען איצט דורך דער רעגירונג דעלאַדיע, ליקווידירט אויף אַ סיסטעמאַטישען אופן, איינס נאָכ'ן צווייטען. אין אַ סטאַטיסטיק, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון די פראַנצויזישע יוניאָנס, ווערט מיט ציפערען געוויזען, אַז די פּראָדוקציע פון לאַנד איז שטאַרק געוואַקסען אונטער דער ווירקונג פון דער 40־שעה'דיגער אַרבייטס־וואָך, וואָס איז געזעצליך באַשטימט געוואָרען פון דער רעגירונג בלום. די פּראָדוקציע פון די וויכטיגסטע אינדוסטריע־אַרטיקלען האָט זיך, ביי 40־שעה'דיגער אַרבייט, אַ הויב געטאָן מיט 10 פּראָצענט ביז אַריבער 39 פּראָצענט. אין דער אייגענער צייט איז אויך זעהר שטאַרק אויסגעוואַקסען דער פאַרברויך פון קוילען, אויל און עלעקטרישער קראַפט. בכלל האָט זיך זעהר שטאַרק געהויבען דער קאָנסום אין לאַנד. אויטאָמאָבילען זיינען פאַרקויפט געוואָרען מיט אַריבער 18 פּראָצענט מעהרער ווי פריער. די אַרבייטסלאָזיגקייט איז צוריקגעגאַנגען מיט 8 פּראָצענט. די צאָל באַנקראָטען איז געווען קלענער ווי פריער מיט אַריבער 44 פּראָצענט.

מיט איין וואָרט: ביי דער 40־שעה'דיגער אַרבייטס־וואָך האָבען זיך באַוויזען אַלע סימנים פון פּראָספּעריטי. די פּראָפיט־אינטערעסען פון דער גרויסער אינדוסטריע פאָדערען אָבער די פאַרלענגערונג פון אַרבייטס־טאָג, קומט נאָך די רעגירונג דעלאַדיע זייער פאַרלאַנג.

צווישען דער מילדער אויסען־פּאָליטיק און דער שטרענגער אינערלאַכער פּאָליטיק אין פראַנקרייך איז אייגנטלאַך נישט פאַראַן קיין שום קעגענזאַץ — ס'איז די אויסגעהאַלטענע ליניע קעגען דער אַרבייטערשאַפט און קעגען דער דעמאָקראַטיע אויף ביידע געביטען פון דער פּאָליטיק.

## פּאַרטיי־ראַט פון די איטאַליענישע סאָציאַליסטען וועגען די אויפגאַבען פון דער פּאַרטיי.

לעצטענס האָט דער ראַט פון דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָפּגעהאַלטען (אין אויסלאַנד, פאַרשטייט זיך) אַ באַראַטונג וועגען די נאָענטסטע אויפגאַבען פון דער פּאַרטיי. ס'איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס ווערט פּרינציפּיעל אונטערגעשטראָכען די פאַרבונדענקייט צווישען סאָציאַליזם און פרייהייט. נישטאָ קיין פרייהייט אָן סאָציאַליזם, קיין סאָציאַליזם — אָן פרייהייט. דאָס זיינען צוויי זייטען פון איין סאָציאַלער ווירקליכקייט — זאָגט די רעזאָלוציע — וואָס קענען נישט רעאַליזירט ווערען איינע אָן דער צווייטער.

די רעזאָלוציע רופט די איטאַליענישע מאַסען, זיך אַנטקעגענצושטעלען ענערגיש די נייע פאָדערונגען פונ'ם איטאַליענישען פאַשיזם אין מיטעללענדישען ים און די אַנדערע אימפּעריאַליסטישע פאָדערונגען, מיט וועלכע מוסאָליני וויל ווידער פונאַנדערפלאַקערן אַן אייראָפּעאישע מלחמה. נישט דאָס ענדערען די כוחות־פאַרהעלטענישען פון די מלוכות וועט לעזען דעם וועלט־קריזיס, נאָר דאָס ליקווידירען דעם אימפּעריאַליזם און דאָס אוועקשטעלען אַ געאייניגטע אייראָפּע. דער דאָזיגער ציל קאָן דערגרייכט ווערען נאָר אין קאָמפּראָמיסלאָזען קאַמף קעגען פאַשיזם. די רעזאָלוציע רופט צו אַ קאָנסאָלידאַציע פון אַלע פּראָלעטאַרישע כוחות און זייער פאַרבינדונג מיט אַלע אויפריכטיג דעמאָקראַטישע כוחות. די רעזאָלוציע פאַרענדיגט זיך מיט'ן רוף צו פאַרשטאַרקען דעם ווידערשטאַנד פון פאָלק קעגען דער פאַשיסטישער מלחמה־פּאָליטיק. „די איטאַליענישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי" — ווערט געזאָגט אין דער רעזאָלוציע — "פאָדערט פאַר זיך דעם כבוד און די פּריווילעגיע צו געהערען צום אוואַנגאַרד פון דעם דאָזיגען קאַמף".

## אַ קאָנסערוואַטיווע צייטונג אין ענגלאַנד נעמט זיך אָן פאַר די פליכטלינג־אימיגראַנטען

אַ שטראָם פון אימיגראַנטען ציט זיך איצט אין די מערב־אייראָפּעאישע דעמאָקראַטישע מלוכות. מען לויפט פון די פאַשיסטישע לענדער. דעם גרעסטען פּלאַץ צווישען די אימיגראַנטען פאַרנעמען, פאַרשטייט זיך, אידען. אומעטום ווערען געמאַכט גרויסע שוועריגקייטען ביים אַריינקומען אין די לענדער און געגען די גליקליכע, וואָס האָבען זיך שוין באַזעצט ערגעץ־וואו אין אַ פרייער מדינה, ווערט געפירט אַ ווילדע אַנטיסעמיטישע העצע, מצד די פאַשיסטישע און האַלב־פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס און זייער פּרעסע.

מען דאַרף דעריבער פאַרצייכענען מיט אַ באַזונדער באַפרידיגונג, אַז דווקא אַ קאָנסערוואַטיווע צייטונג אין ענגלאַנד — דער אָנגעזעהענער „ספּעקטייטאָר" אין לאָנדאָן — איז אַרויס מיט אַ לענגערען אַרטיקעל, אין וועלכען עס ווערט דערוויזען מיט פאַקטען און ציפערען, אַז די אידישע אימיגראַנטען פון דייטשלאַנד זיינען נישט קיין לאַסט פאַר דער ענגלישער ווירטשאַפט, נאָר פאַרקערט, זיי האָבען גאָר געשאַפען אַרבייט פאַר אַרבייטסלאָזע ענגלענדער, געגרינדעט נייע אינדוסטריען, מיטגעהאָלפען פאַרקלענערען דעם ענגלישען אימפּאָרט און, אויף דער אַנדערער זייט, פאַרגרעסערען דעם עקספּאָרט פון ענגלאַנד.

אַזוי איז אַריבערגעפירט געוואָרען קיין ענגלאַנד דער גרעסטער טייל פון דער פאַר־אינדוסטריע אין לייפּציג. דאָס אייגענע איז געשען אויך מיט דער גרויסער פאַקעטבוק־אינדוסטריע, וועלכע איז אין דייטשלאַנד געווען אין אידישע הענט און איז אַריבערגעבראַכט געוואָרען פון אידישע אימיגראַנטען קיין ענגלאַנד. ענליכעס איז געשען אויך מיט געוויסע מעבעל (פורניטשור), דייף, ספּעציעלע דעליקאַטעסען און פילע אַנדערע אַרטיקלען.

אַ באַזונדערען קאַפּיטעל פאַרנעמט די פרויען־דרעסעס אינדוסטריע. דאָ זיינען געשאַפען געוואָרען פון אידישע אימיגראַנטען נייע אינדוסטריען, אין וועלכע עס זיינען פאַרנומען טויזענטער ענגלישע אַרבייטער. די דרעסעס ווערען עקספּאָרטירט אין אַ גאַנצער ריי לענדער. אַן ענגלישע פירמע, וועלכע שטייט אין קאָנטאַקט מיט בערך 3000 נייע אידישע אימיגראַנטען, האָט באַרעכענט, אַז יעדער פון די דאָזיגע אימיגראַנטען האָט געשאַפען אַרבייט פאַר דריי ענגלענדער.

מחמת הומאַניטאַרע מאָטיווען און צוליב די אָנגעוויזענע ווירטשאַפטליכע אינטערעסען שטעלט זיך די צייטונג איין פאַר אַ גרויסמוטיגער פּאָליטיק אין דער אימיגראַציע־פראַגע.

## פראַנצויזישע יוניאָנס באַשיצען ברידערליך אַרבייטער־אימיגראַנטען

אין איינעם פון די לעצטע נומערען פונם פּאַריזער „פּעפּל", אָרגאַן פון די יוניאָנס אין פראַנקרייך, געפינען מיר אַ וואַרימען אַרטיקעל פאַר די אַרבייטער־אימיגראַנטען, וואָס שטראָמען איצט אַריין קיין פראַנקרייך פון די פאַשיסטישע לענדער. אין פראַנקרייך געפינען זיך איצט ביי צוויי אַ האַלב מיליאָן אויסלענדישע אַרבייטער פון פאַרשיידענע לענדער — די גרעסטע צאָל וואוינען אין פראַנקרייך שוין פון לאַנגע יאָרען, אָבער די צאָל נייע אַריבערגעקומענע אַרבייטער־אימיגראַנטען איז אויך זייער אַ גרויסע און האַלט אין וואַקסען. די צייטונג ווייזט, אַז די פרעמדע אַרבייטער האָבען אויפגעטאָן זייער פיל גוטס אין פראַנקרייך, און דאָס לאַנד דאַרף זיי דאַנקבאַר זיין. ספּעציעל שטעלט זיך אָפּ די צייטונג אויף די אידישע אימיגראַנטען. „מען האָט געפּרוּווט שאַפען אַן אַנטיסעמיטישע שטימונג צווישען די פראַנצויזישע אַרבייטער", זאָגט די צייטונג. „מען האָט געפּרוּווט אונז איינרעדען, אַז די אידען סאַבאָטירען די סאָציאַלע געזעצען, וואָס דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריאַט האָט אויסגעקעמפט מיט אַזוי פיל אָנשטרענגונגען. דאָס האָבען אָבער געטאָן אַנדערע אויך און מיר ווייסען, אַז שולדיג אין דעם איז הויפּטזעכליך דער אידיאָטיזם פון דער אַדמיניסטראַציע, וואָס וויל נישט פאַרזיכערען געזעצליך די סיטואַציע פון אָט דער אומגליקליכער מאַסע, וועלכע ווערט געטריבען פון אַזוי פיל לענדער און זיי מוזען זוכען אַן אָפּרו־פּלאַץ אין פראַנקרייך".

„לע פּעפּל" ווייזט אָן, אַז די פרעמדע אַרבייטער גייען אַריין אין די יוניאָנס אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי די פראַנצויזישע אַרבייטער. זיי געניסען אין די יוניאָנס ברידערליכען שוץ, סאָלידאַריטעט און הילף. די צייטונג דערמאָנט אין דער פּראָטעסט־רעזאָלוציע פונ'ם יוניאָן־קאָנגרעס אין טולוז (אין יאָר 1936) געגען „די אַדמיניסטראַטיווע שיקאַנעס, מיט וועלכע עס ווערען פאַרפאָלגט די אויסלענדישע אַרבייטער. די נייע דעקרעטען פון דער רעגירונג געגען אויסלענדישע אַרבייטער באַצייכענט „לע פּעפּל" אַלס אוממענשליך, אַנטי־סאָציאַל און אומפראַנצויזיש.

## פראַנצויזישע יוניאָנס פאָדערען אַ „ניו דיעל"

די „גענעראַל־קאָנפעדעראַציע" פון די פראַנצויזישע יוניאָנס האָט אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן פאַר אַ נייער עקאָנאָמישער אָריענטאַציע פון פראַנקרייך.

דער פּלאַן נעמט אַרום דריי הויפּט־געביטען פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט: געלד־פאַרקער מיט אויסלאַנד, פאַרוואַלטונג פון די פראַנצויזישע קאָלאָניעס און דעם אַרבייטס־מאַרק.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אויסלענדישען געלד־פאַרקער, פאָדערען די יוניאָנס, אַז דער עקספּאָרט פון געלד זאָל באַגרענעצט און קאָנטראָלירט ווערען פון דער רעגירונג, כדי צו פאַרהינדערען, אַז די גרויסע קאַפּיטאַליסטען זאָלען נישט אַרויספירען זייער קאַפּיטאַל אין אויסלאַנד.

אין דער פראַגע פון קאָלאָניעס פאָדערט דער פּלאַן אַן ענגערע פאַרבינדונג מיט'ן צענטער, אַ פאַרבינדונג דורך אמת'דיגע ציוויליזאַטאָרישער אַרבייט.

די וויכטיגסטע פאָדערונגען ווערען אַרויסגעשטעלט אין דער פראַגע פון ווידער אויפלעבען די פּראָדוקציע. אין פראַנקרייך וואַקסט אין דער לעצטער צייט די אַרבייטסלאָזיגקייט, ניט געקוקט אויף דער פאַרשטאַרקטער וואָפען־פּראָדוקציע. דער פּלאַן פון די יוניאָנס פאָדערט, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַרבייט מיט רעגירונגס־הילף, ספּעציעל ביים בויען וואוינונגען און איינריכטונגען פון אַלגעמיינעם נוצען („פּאַבליק יוטיליטיס"). דער פּראָגראַם נעמט אַרום דאָס אָפּשאַפען אַ האַלבען מיליאָן „סלאַמס"־וואוינונגען און אויפבויען איין מיליאָן נייע וואוינונגען.

דער פּלאַן ווערט פאַרגעשטעלט אַלס דאָס איינציגע מיטעל צו ראַטעווען דאָס לאַנד פון אַ קאַטאַסטראָפע. מען מוז באַפרייען די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט פון דער הערשאַפט פון געלד־ספּעקולאַנטען. מען מוז די ווירטשאַפט קאָנטראָלירען און דיריגירען, נאָר אַזוי וועט מען ראַטעווען די דעמאָקראַטיע.

## יובילי קאָנווענשאָן פון דענווער סאַנאַטאָריום דעם מאָנאַט אין ניו יאָרק.

די 35טע קאָנווענשאָן פון דענווער סאַנאַטאָריום וועט געהאַלטען ווערען פון 25טען ביז דעם 27טען מאַרטש, אין האָטעל אַסטאָר, אין ניו יאָרק. פאַר דער ערעפענונג איז צוגעגרייט געוואָרען אַ רייכע פּראָגראַם אין וועלכער עס וועלען זיך באַטייליגען אַרטיסטען פון דער ענגלישער און אידישער בינע און פון די מוּוויס. עס וועלען אויך געוויזען ווערען מוּוויס פון דעם לעבען אין סאַנאַטאָריום און פּראָמינענטע פּערזאָנען, איינגעשלאָסען ניובאָלד מאָריס, פּרעזידענט פון סיטי קאָונסיל, וועלען אַדרעסירען די פאַרזאַמעלטע. איינטריט צו דער ערעפענונג איז פריי.

די לייענער פון דער „גערעכטיגקייט" זיינען באַקאַנט מיט דער וויכטיגער אינסטיטוציע, וועלכע האָט געראַטעוועט דורך די יאָרען אַזוי פיל לעבענס פון קרבנות פון דער ווייסער פּלאָג. עס זיינען די אַרבייטער וועלכע גיבען דעם גרעסטען פּראָצענט פון טובערקולאָז און עס איז פאַר די קרבנות וואָס דער דענווער סאַנאַטאָריום איז געבויט געוואָרען און ווערט אויפגעהאַלטען. געגרינדעט אין 1904 מיט אַ קאַפּיטאַל פון 1.10 דאָלאַר, ביי אַ צוזאַמענקונפט פון אַ פּאָר מענשען, האָט איצט דער סאַנאַטאָריום אייגענע 148 אַקער לאַנד אין די בערג פון קאָלאָראַדאָ מיט 34 געביידען, 40 טענטס פאַר די פּאַציענטען, די בעסטע אויסשטאַטונג וואָס די מעדיצינישע וויסענשאַפט האָט געשאַפען צו באַהאַנדלען די חולאים, אַ פאַרמעגען וואָס האָט די ווערט אַרום צוויי מיליאָן דאָלאַר. דאָס אַלץ איז אויפגעבויט געוואָרען דורך די פרייע ביישטייערונגען פון די מענשען און אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבען אָנערקענט די וויכטיגע אַרבייט וואָס די אינסטיטוציע טוט.

## דאַנק רעזאָלוציע.

די אַרבייטער פון עלדרידזש און מאַלווין, 530 זיבעטע עוועניו, דריקען אויס איינשטימיג זייער אָנערקענונג צו זייער טשערלידי, פּאָולין שוואַרץ, פאַר איר אויסערגעוויינליכער איבערגעבענהייט אין דורכפירען איהרע פליכטען אין שאַפּ. מיט דער הילף פון דער יוניאָן און דעם ביזנעס אַגענט, ראָזענטהאַל, האָט זיך איר איינגעגעבען איינצושטעלען בעסערע אַרבייטס־באַדינגונגען.

אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פון איר טרייהייט און איבערגעבענהייט, האָט דער שאַפּ איר פּרעזענטירט מיט אַ מתנה אַ סעט זילבער, און מיר האָפען אַז זי וועט ווייטער אָנגיין מיט איר גוטער אַרבייט אַזוי ווי פריהער.

די שאַפּ קאָמיטע.

טאן פלאץ און ניט שטערען אירע אנגעשטעלטע צו ארגאניזירען זיך. אן אפשטימונג פון די ארבייטער אין פאל ריווער וועט אין גיכען פארקומען. די לייבאר באארד האט צוריקגעוויזען די טענה פון דער קאמפאני אז די ארבייטער זיינען פאר 17 יאר מיטגלידער אין דער קאמפאני יוניאן, באטייליגען זיך אין די וואלען און זיינען צופרידען.

צוויי וויכטיגע קאורט אנטשיידונגען זיינען דעם מאנאט ארויסגעגעבען געווארען צו גונסטען די ארבייטער, איינער אין ניו יארק און איינער אין פענסילווייניע סטייט.

אין ניו יארק האט די אפעלייט דיוויזשאן פון ספעשעל סעשאנס געריכט אנטשיידען, אז יוניאנס האבען א רעכט צו באיקאטירען פירמעס וואס האנדלען אדער קויפען סחורה פון א פלאץ וואו זייערע מיטגלידער זיינען אין סטרייק.

דער געריכט האט אומגעווארפען אן אנטשיידונג פון א מעדזשיסטרייט, וועלכער האט פאראורטיילט צוויי פיקעטס פון דער עלעקטרישענס יוניאן פאר פיקעטען א מילינערי סטאר וועלכע האט געלאזט מאכען עלעקטרישע סאינס ביי א קאנטראקטאר וואס באשעפטיגט מיטגלידער פון א צווייטער יוניאן. די אנטשיידונג פון געריכט איז, אז דאס איז ניט קיין פארברעכען און דאס איינציגע וואס א פירמע קען טאן אין אזא פאל איז קלאגען די יוניאן ציוויל און פרובירען קריגען א פארבאט, אויפ׳ן גרונט וואס זי איז ניט פארמישט אין יוריסדיקציע קאמפען.

די צווייטע אנטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען פון דזשאדוש קירקפאטריק פון פעדעראלען געריכט, וועלכע האט זיך אנטזאגט ארויסצוגעבען דער סוויפט פעקימג קאמפאני אן אינדזשאנקשאן געגען דער בוטשערס יוניאן וואס זאל איר פארבאטען צו פיקעטען דערפאר וואס יענע האט זיך אנטזאגט אוועקצושיקען פון דער ארבייט פינף ניט־יוניאן לייט. די אנטשיידונג זאגט אויסדריקליך, אז קלאוזד שאפ איז א געזעצליכע פארשטענדיגונג און דעריבער מעג א יוניאן סטרייקען און פיקעטען צו קריגען קלאוזד שאפ, אפילו ווען אייניגע ארבייטער וואס ווילען ניט באלאנגען צו דער יוניאן פארלירען דורך דעם די דזשאבס.

### פענסי לעדער גודס אינטערנעשאנאל געשפאלטען

די לידיס הענד בעג און פענסי לעדער גודס אינטערנעשאנאל יוניאן האט דעם מאנאט געהאלטען א ספעציעלע קאנווענשאן אין דזשוירזי סיטי צו שאפען אייניגקייט אין דער יוניאן, האט עס געהייסען. געענדיגט האט זיך די קאנווענשאן מיט א געשפאלטענער יוניאן. דער ניו יארקער לאקאל פון דער אינטערנעשאנאל, דער גרעסטער לאקאל אין טרייד, האט זיך אין דער קאנווענשאן ניט באטייליגט און אנערקענט ניט די באשלוסען פון דער קאנווענשאן.

די קאמפען און רייסערייען אין דער יוניאן גייען שוין אן א גאנץ לאנגע צייט. נאך ביי דער לעצטער קאנווענשאן האט עס געהאלטען ביי א שפאלטונג צווישען די פארשיידענע גרופען, וועלכע האבען זיך פאנאנדערגעטיילט אין צוויי לאגערען. דורך דער אריינמישונג פון פרעזידענט זאריצקי, פון דער העטערס און מילינערי יוניאן, וועלכער האט פארטראטען פרעזידענט גרין פון דער א. פ. או ל., איז דעמאלט געלונגען צו שאפען שלום און אויסקלייבען א קאאליציע פארוואלטונג אין דער יוניאן. קיין פרידען האט עס אבער ניט געבראכט. באלד נאך דער קאנווענשאן האבען זיך ווידער אנגעהויבען די מאנעוורעס און רייסערייען. די ארבייט פון דער יוניאן איז כסדר געשטערט געווארען. די לאגע פון די ארבייטער אין טרייד, די שווערע אינדוסטריעלע פראבלעמען מיט וועלכע די ארבייטער ראנגלען זיך זיינען אפגעשטופט געווארען אן א זייט צוליב די פערזענליכע און גרופען־אינטערעסען. די יוניאן האט דעריבער באשלאסען צו רופען א ספעציעלע קאנווענשאן, אום איין מאל פאר אלע מאל צו מאכען א סוף צו די רייסערייען. איינע פון די פראקציעס, אבער, צווישען וועלכע עס זיינען די קאמוניסטען און וואלינסקי־גרופע, האבען חרטה געהאט, נאכדעם ווי זיי אליין האבען איינגעשטימט אין דער גענעראל עקזעקוטיווע אויף דעם רוף צו דער קאנווענשאן, און האבען דורגעפירט א באשלוס ביים ניו יארקער לאקאל זיך ניט צו באטייליגען אין דער קאנווענשאן.

צום ניו יארקער לאקאל 1 זיינען צוגעשטאנען נאך 2 קליינע לאקאלס — איינער פון די ארבייטער וואס מאכען די שפיגעלאך פאר די פאקעטבוקס אין ניו יארק, און א צווייטער קליינער לאקאל אין ברידזשפארט. די אפגעשפאלטענע גרופע באהויפטעט, אז די קאנווענשאן איז ניט געווען געזעצליך, כאטש זי איז אנערקענט געווארען פון א מאיאריטעט לאקאלס אין דער אינטערנעשאנאל און פון דער א. פ. או ל., אן וועלכער די יוניאן איז אנגעשלאסען. די גרופע וועלכע האט אין אירע רייען דעם פריערדיגען סעקרעטער־טרעזשורער, איין וויס־פרעזידענט און דעם „ליגעל אדווייזער", טענה׳ט, אז זיי זיינען די ריכטיגע אדמיניסטראציע פון דער אינטערנעשאנאל. די געשיכטע וועט איצט ווארשיינליך אויסגעפאכטען ווערען אין די געריכטען.

# דאס ניי־געבוירן קלייד

פון חיים פלאטקין

אויפ׳ן ברייטען, לאנגען טיש צעשפרייט
ליגט א הימעל־שטיק געקארבטע זייד,
פון געקניפטע ווערים און שפינען געדרייט.
ס׳האבען פאר געציילטע גראשענס
קינדער אין יאפאן
אין הימעל־בלא שטיק זייד
איינגעוועבט זייערע באגינענס;
אין זייד־געוועב מיט שווייס פון יונגע גלידער;
איינגעזונגען אין שפעטע נעכט
וועבער־לידער.

צושניידערס מעסער־שער
יאגט איבער ווארצלען־געדריי אויפ׳ן ווייסען פאפיר,
זשום פון עלעקטריש מעסער־שער — זשר־זשר־זשו,
וואס האט, ווי די מאשינען, וואכענלאנג געשטומט,
צושנייד אין שאפ די ארבייטסלאזע טעג;
ס׳לויפט שנייד־מאשין אויף „מארקער־געדריי",
שנייד פאס פאר פאלד לויט יעדען גליד.
יעדער מעסער־שנייט אויף ווייס פאפיר מיט פלאסטען זייד —
א שטיק ניי־געבוירען קלייד.

איך מיט מיידלאך
יאגען זיך מיט נאדעל־שטעך.
זיי ביי הענט — איך מיט רעדעל־שטעפ.
קארבירטע ווייסע ציין פון שווארצען זינגער־טייוועל׳ס מויל,
רייסען פאסען זייד פון מיינע צאפלדיגע הענט.
א שטאך, א ניי — א וויש אויפ׳ן שטערען דעם שווייס
אין יעדען שטיק נאר־וואס פארניינטען קלייד
ציט זיך דורך מיט פעדים פון גאנצען שאפ דער חאס;
ס׳איז ביים ערשטען שטאך אין נייעם קלייד
פון „באס" געקומען א באפעל:
— „העי, נישט געלאפען, גוט געניי, גוט!
דא נייט מען נישט פאר ניגערטעס קיין קליידער"...
זייך איך געבויגען מיט קאפ צום „פינגער"־קאפ,
גלאנציגע נאדעל שפרינגט, נאדעל לאכט אין פליישיגען זייד.
צייל איך שטאך נאך שטאך,

ווי די מיידלאך אויף נאדלען די קרעלן,
וואס זיי נייען ארום ביי די העלזער פון די קליידער.
מינוטען פון שעה׳ען פלעכטען פינגער אין זייד־געניייה —
אזוי ווערט פארטיג קלייד נאך קלייד.

דעם פרעסער׳ס אייזען גליט
אויף געקארבטען זייד מיט רויע נעט:
ס׳זשומט דער אייזן פון געקראמפטען דאמף,
זייד האט ליב פון שווייס א באד...
ציט ער אויס דאס קלייד אויפ׳ן גאנצען פרעס־טיש.
„ספאנדזשער, נישט געלאפען! פרעס יעדען שטאך:
דא נייט מען נישט פאר ניגערטעס קיין דרעסעס!"
פירט ער דעם אייזען ווי אויף לייב א האנט —
זזזייד! זזזייד!
ס׳וועט היינט שוין זיין א קוואדער פאר׳ן ווייב...
ציט ער אויס יעדען שמיר און יעדען גלעט,
ווי א מאמע איר קינד
ביי זיך אין בעט...

די איינפיסיגע דאמע־פיגור,
וואס שטייט אן א קאפ און אן הענט,
האט א מיידעל מיט׳ן נייעם קלייד באקליידט.
מיט שפילקעס, וואס זי ציט פון מויל,
שטעכט זי אין געטאקטען בוזום.
יעדע שפילקע־שטאך — א נייער פאלד;
פאלדעווען זיך זייד־טרעפ ארום האלז.
אויף דער לייטענער פיגור פעלט בלויז א קאפ...
יעדער שפילקע־שטאך — אין קלייד פון מיידעל׳ס הענט
גלאנצט אפ די קרעלן פונ׳ם נייעם קלייד,
ווי דימענט־ליכט אין אויג צעברענט.

— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

מארגען וועט דאס נייע זיידען קלייד אראפ פון דער פיגור —
און וועט ארויף אויף א נאבעלער דאמע,
וועלכע וועט זיך אין א וויג־שטול ביים קאמין
גלעטען אין איר שויס א הינטעל
און דריקען זיין רייניע פעל צום בלויען קלייד.

שאָדען. וואַרטען אָדער האָפען אויף איר צוזאַמענברוך איז דעריבער זיך אַליין אָפּנאַרען.

שפּאַלטונג אין דער אויטאָ יוניאָן ווערט אַלץ טיפער

דער קאַמף צווישען די צוויי פליגלען אין דער יונייטעד אויטאָמאָביל וואָרקערס יוניאָן איז דורך דעם פאַרגאַנגענעם מאָנאַט געוואָרען שאַרפער און די שפּאַלטונג טיפער.

אין דעם קאַמף אין די לאָקאַל יוניאָנס ביז איצט אין די לאָקאַל יוניאָנס און אין די געריכטען. ווער עס האָט אַ מאַיאָריטעט פון די מיטגלידער פון דער יוניאָן איז נאָך אַלץ שווער צו זאָגען. דאָס וועט מען זיך אפשר דערוויסען ביי די צוויי קאָנווענשאָנס וואָס וועלען אָפּגעהאַלטען ווערען היינטיגען מאָנאָט, די מאַרטין קאָנווענשאָן אין דעטראָיט, דעם 4טען מאַרטש און די קאָנווענשאָן פון דער טהאָמאַס פראַנקענסטיין פראַקציע אין קליוולאַנד, דעם 20טען מאַרטש. עס איז אויך מעגליך אַז אַפילו דאַמאָלסט וועט מען נאָך ניט וויסען די רעלאַטיווע שטאַרקייט פון יעדען פון די צוויי צדדים.

דער קאַמף אין די לאָקאַל יוניאָנס ביז איצט שיינט עס אַז מאַרטין האָט געוואונען די אויבערהאַנט אין אַ גרעסערער צאָל לאָקאַלס. דאָס זיינען אָבער מערסטענס די קלענערע לאָקאַלס. די גענעראַל עקזעקוטיוו שיינט צו האָבען די אויבערהאַנט אין די גרעסערע לאָקאַלס פון דער קרייזלער קאָרפּאָריישאָן און דזשענעראַל מאָטאָרס. ביי מיטינגען אין פילע לאָקאַלס איז עס געקומען צו געשלעגען צווישען אָנהענגער פון די צוויי פראַקציעס. אין פלינט איז די פּאָליציי געווען געצוואונגען זיך אַריינצומישען און ברענגען אָרדענונג. עס איז שוין אויך פאָרגעקומען סטרייקס אין די פאַבריקען פון פלימוטה, דאַדזש און בריגס איבער דער פראַגע וועלכע פראַקציע עס זאָל אַנערקענט ווערען. אין דער פלימוטה פעקטאָרי וועט אין גיכען פאָרקומען אַן אָפּשטימונג פון די אַרבייטער.

אין די געריכטען איז דער הויפּט קאַמף די אַפּילס פאַר אינדזשאַנקשאַנס וואָס ביידע צדדים האָבען אַריינגעבראַכט אין די געריכטען איינער געגען צווייטען. די מאַיאָריטעט פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו וועלכע ווערט געשטיצט פון דער סי. אַי. אָ. פאָדערט אַן אינדזשאַנקשאַן וואָס זאָל פאַרבאָטען מאַרטינען אַנצוהאַלטען דעם פּרעזידענט אַמט אָדער מישען זיך אין די געשעפטען פון דער יוניאָן. מאַרטין ווידער באַשולדיגט עקטינג פּרעזידענט טאָמאַס און די פופצען וויס־פּרעזידענטען וועלכע ער האָט סוספּענדירט, אין קאָנספּירירען מיט לואיס, הילמאַן, מאַרעי און בראָפי פון דער סי. אַי. אָ. איבערצוגעבען זיי דעם קאָנטראָל איבער דער אויטאָמאָביל אַרבייטער יוניאָן. קיין אַנטשיידונג האָט נאָך דער סוירקיט קאָורט ניט אַרויסגעגעבען.

אין דעם קאַמף איבער די אייגענטום ביכער און קאָנטראָל פון פלימוטה לאָקאַל אין דעטראָיט האָט מאַרטין געזיגט. דער געריכט האָט אים איבערגעגעבען דאָס אייגענטום און ביכער און אַנערקענט די מענשען וואָס מאַרטין האָט באַשטימט אַלס די געזעצליכע פאַרוואַלטער.

אין ניו יאָרק האָט די טהאָמאַס גרופּע אַוועקגענומען די ביכער און פאַרניטשור פון דעם רידזשיאָנאַל אָפיס דורך אַ קאָורט אָרדער. די מאַרטין אָנהענגער האָבען עס אָבער אויף מאָרגען צוריקגעקראָגען, נאָכדעם ווי זיי האָבען איינגעלייגט טאָפּעלט די סעקיוריטי.

אַ נייע מעטאָדע פון קאַמף האָט די סי. אַי. אָ. פראַקציע פון דער אויטאָמאָביל יוניאָן אָנגענומען ווען זיי האָבען פאַרקלאָגט מאַרטינען פאַר דער נעשאָנאַל לעיבאָר רילעישאָנס באָאַרד אַז ער זאָל האָבען געמאַכט אַ פאַרשווערונג מיט דער פאָרד מאָטאָר קאָמפּאַני צו אָרגאַניזירען אַ קאָמפּאַני יוניאָן. דער צוועק פון דער קלאָגע שיינט צו זיין צו פאַר'מיאוס'ען מאַרטינ'ען אין די אויגען פון די אַרבייטער און דער באַוועגונג אין אַלגעמיין. פאַר דעם זעלביגען צוועק איז אויך פאַרשפּרייט געוואָרען אַ קלאַנג אַז מאַרטין פּלאַנעוועט אַנצושליסען די אויטאָ יוניאָן אַן דער א. פ. אָו ל. וויסענדיג אַז די אויטאָמאָביל אַרבייטער זיינען שטאַרק פאַרביטערט געגען דער פעדערעישאָן צוליב איר אַנטזאָגען זיי אַן אינטערנעשאָנאַל טשאַרטער איידער די סי. אַי. אָ. האָט זיך געגרינדעט. מאַרטין האָט אַפּילו גלייך אָפּגעלייקענט די קלאַנגען און פאַרזיכערט, אַז ער האָט ניט בדעה זיך אַנצושליסען אַן דער פעדערעישאָן אָבער די קלאַנגען ווערען ווייטער פאַרשפּרייט.

סטרייק פון בילדינג סוירוויס אַרבייטער פּאַראַליזירט פרויען קליידער אינדוסטריע

אַ סטרייק פון די בילדינג סוירוויס אַרבייטער, די עלעווייטאָר אָפּערייטאָרס, פייערמען און אַנדערע אָנגעשטעלטע אין לאָפט בילדינגס, וואָס איז אָנגעגאַנגען די ערשטע דריי טעג פון לעצטען מאָנאַט, האָט געגעבען אַ זעלטענע אילוסטראַציע פון דער אָפּהענגיגקייט פון די פאַרשיידענע אינדוסטריען אין אונזערע גרויסע שטעדט. דער סטרייק פון אַרום 10,000 האַלב־געלערענטע אַרבייטער אין אַ פאַך, אויף וועלכען מען קוקט זיך זעלטען אום, האָט פּאַראַליזירט די גרעסטע איינצעלנע אינדוסטריע אין ניו יאָרק, די פרויען קליידער אינדוסטריע האָט פאַראורזאַכט צענדליגע מיליאָנען דאָלאַר שאָדען אין פאַרלוסט פון ביזנעס און שכירות און אַרויסגעוואָרפען פון דער אַרבייט אַרום הונדערט טויזענט קלאָוק, דרעס אַרבייטער, פאַריער און אַרבייטער פון די אַנדערע נאָדעל־טריידס.

לאָקאַל 32־בי פון דער בילדינג סוירוויס עמפּלאָאיס יוניאָן האָט גערופען דעם סטרייק דעם 1טען פעברואַר נאָכדעם ווי די אַסאָסיאיישאַנס פון ריעל עסטייט אייגענטימער אין דעם שטאָט־טייל וואו עס געפינען זיך די מערסטע פאַבריקען פון פרויען־קליידער האָבען זיך אַנטזאָגט נאָכצוגעבען אירע פאָדערונגען פאַר העכערע שכירות און קירצערע שטונדען פאַר די אָנגעשטעלטע. די יוניאָן האָט געפאָדערט אַ 40 שטונדען־וואָך אַנשטאָט די 48 שטונדען אַ וואָך וואָס זיי האָבען געאַרבייט אונטער'ן אַלטען אַגרימענט און אַ העכערונג פון 15 פּראָצענט אויף די שכירות.

דער סטרייק איז געסעטעלט געוואָרען דורך דער אַריינמישונג פון מעיאָר לאַגואַרדיאַ אויף אַ קאָמפּראָמיס וואָס איז ניט געווען באַזונדערס גינסטיג פאַר די אַרבייטער. די אַרבייטער האָבען געקראָגען אַ פאַרקירצונג פון איין שטונדע אַ וואָך אויף דער אַרבייטס־צייט, פון 48 אויף 47 שטונדען און אַ העכערונג פון 1 דאָלאַר. דער אַגרימענט איז אויף דריי יאָר מיט אַ צווייטע פאַרקירצונג פון דער אַרבייטס־צייט אויף איין שטונדע נאָך אַכצען מאָנאַטען.

ווען דער אָנבאָט איז געבראַכט געוואָרען צו די סטרייקער האָבען זיי עס צוריקגעוויזען מיט אַ גרויסער מערהייט. בלויז די וואָרנונג פון מעיאָר אַז די שטאָט וועט ניט דולדען דעם סטרייק און די באַמיהונגען פון די יוניאָן־פירער וועלכע האָבען מורא געהאַט פאַר די רעזולטאַטען אויב די שטאָט־אַדמיניסטראַציע זאָל זיך שטעלען געגען די סטרייקער, האָט ענדליך באַוואויגען אַ מאַיאָריטעט סטרייקער אַנצונעמען דעם סעטעלמענט.

יוניאָנס אין טעקסטיל טרייד פירען שאַרפע קאָנקורענץ

אין דער טעקסטיל אינדוסטריע האָבען די צוויי פליגלען, די ט. וו. אָ. ק. פון דער סי. אַי. אָ. און די יונייטעד וועלכע האָט צוריקגעקראָגען איר אינטערנעשאָנאַל טשאַרטער פון דער א. פ. אָו ל., זיך גענומען פאַרשטאַרקען זייערע פּאָזיציעס צווישען די אַרבייטער. פּרעזידענט גאָרמאַן פון דער יונייטעד האָט איינגעשטעלט די צוויי פעדעריישאַנס פון די וואָלען־מיל אַרבייטער אין די ניו־ענגלאַנד שטאַטען און די קאָטען מיל אַרבייטער אין דער סאָוט. די טעקסטיל וואָירקערס אָרגאַנייזינג קאָמיטע האָט אָפּגעהאַלטען אַ קאָנפערענץ פון פאָרטרעטער פון אירע טעקסטיל אָרגאַניזאַציעס אין יענע סטייטס, געגענצואווירקען דעם איינפלוס פון דער קאָנווענשאָן וואָס די ניי־אָרגאַניזירטע סאָוטהערן פעדעראַציע האָט אָפּגעהאַלטען אין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ.

פּרעזידענט גאָרמאַן האָט אונטערנומען אַ טור איבער די וויכטיגסטע צענטערס פון דער טעקסטיל אינדוסטריע מיט'ן צוועק איבערצוגעווינען די אַרבייטער און די לאָקאַלס צו זיין יוניאָן. גאָרמאַן באַהויפּטעט, אַז אַ גרויסע צאָל לאָקאַלס קומען צוריק אין דער פעדעריישאָן. דער צווייטער צד לייקענט עס נאַטירליך.

דער קאַמף צווישען די צוויי צדדים ווערט אויך פאָרטגעזעצט אין די געריכטען. זיך שטיצענדיג אויף דער אַנטשיידונג פון סופּיריאָר קאָורט פון ראָוד איילאַנד וועלכער האָט גע'פסק'ענט אַז דער אָפּמאַך פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס יוניאָן מיט דער סי. אַי. אָ. איבערגעבענדיג איר יוריסדיקציע איבער די טעקסטיל יוניאָנס איז ניט געזעצליך, האָט גאָרמאַן פאַרקלאָגט די ט. וו. אָ. ק. אין געריכט אין ניו יאָרק סטייט און פאָדערט צוריק די געלט און אייגענטום פון דער אָרגאַניזאַציע און די העדקוואָרטערס פון דער יוניאָן אין ניו יאָרק. די ט. וו. אָ. ק., ווידער, האָט אַפּעלירט געגען דער אַנטשיידונג

פון סופּיריאָר קאָורט אין ראָוד איילאַנד. די בייד
פּראָצעסען דאַרפען נאָך ערשט פאָרקומען.
אין אַן אָפּשטימונג, וואָס איז פאָרגעקומען אונט
דער אויפזיכט פון דער לייבאָר רילעישאָנס באָאַרד אי
דער פאַבריק פון סעליולאָיד קאָרפּאָריישאָן אין נוואַר
ניו דזשוירזי, דעם מאָנאַט, האָט די א. פ. אָו ל. טעקס
טיל יוניאָן געוואונען אַנערקענונג אַלס די איינציג
פאָרטרעטערין פון די אַרבייטער מיט אַ מאַיאָריטע
פון 89 שטימען. די אָפּשטימונג איז דאָרט געהאַלט
געוואָרען אויף דער פאָדערונג פון דער סי. אַי.
נאָכדעם ווי זי האָט גערופען אַ סטרייק געגען דער קאָמ
פּאַני. 972 אַרבייטער זיינען דאָרט געווען באַרעכטיג
צו שטימען. געשטימט האָבען 777. פון זיי האָט ד
א. פ. אָו ל. געקראָגען 438 שטימען געגען 349 שטי
מען וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען פאַר דער סי. אַ
אָ. די פירער פון ט. וו. אָ. ק. פּלאַנעווען צו אַפּעליר
געגען דער אָפּשטימונג.

סטרייקס און סעטעלמענטס דעם מאָנאַט

די טעקסטיל וואָירקערס אָרגאַנייזינג קאָמיטע הא
דעם מאָנאַט אַרונטערגענומען אין סטרייק טויזענט אַר
בייטער אין די דריי טרעד־מילען פון דער „באַרבא
פלאַקס ספּינינג קאָמפּאַני”. די דריי מילען געפינען זי
אין פּעטערסאָן און קוירני, ניו דזשוירזי, און אין גרי
וויטש, ניו יאָרק.
דער סטרייק איז גערופען געוואָרען איבער אַ פאַר
זוך פון די אייגענטימער צו שניידען שכירות אויף צ
פּראָצענט. פאַרהאַנדלונגען פאַר אַ סעטעלמענט גייען אָ
אַלומינום אַרבייטער אין דער פאַבריק פון דער אַלו
מינום קאָמפּאַני אָוו אַמעריקא אין עדזשוואָטער, ני
דזשוירזי, האָבען דעם מאָנאַט דורכגעפירט אַ סיט־דאַ
סטרייק געגען דעם פאַרזוך פון דער פאַרוואַלטונג איינ
צושטעלען אַ „סטעגער סיסטעם” פון אַרבייט. דאָ
הייסט, אַז ניט אַלע אַרבייטער פאַנגען אָן צו אַרבייט
און הערען אויף אין דער זעלביגער צייט. די אַרבייט
שטונדען פאַנגען זיך אָן אין פאַרשיידענע צייטען פו
טאָג. די פראַגע איז איבערגעגעבען געוואָרען צו ד
נעשאָנאַל לייבאָר רילעישאָנס באָאַרד.
אַ סטרייק פון די מעסטערס מעיטס און פּיילאָ
יוניאָן אין סיאַטעל, וואַשינגטאָן, האָט אָפּגעשטעלט ד
מאָנאַט די שיפען וואָס פירען פראַכט און פּאַסאַזשיר
צווישען דעם פּאָרט און אַלאַסקאַ. שוין די ערשטע וואָ
פון סטרייק האָט זיך אין אַלאַסקאַ געפילט אַ מאַנג
אין געוויסע שפּייז אַרטיקלען, ספּעציעל פרישע גרי
און וועדזשעטייבעלס.
לויט אַן אַנטשיידונג פון דער לייבאָר באָאַרד, הא
די גלאָז אַרבייטער יוניאָן פון דער סי. אַי. אָ. געוואונ
אַנערקענונג אַלס די איינציגע פאָרטרעטערין פון ד
אַרבייטער אין ליבי אָוענס פאָרד קאָמפּאַני פאַבריק
די קאָמפּאַני האָט זיבען פעקטאָריס וואו מען מאַכ
פענסטער גלאָז, מערסטענס פאַר אויטאָמאָבילען.
באַשעפטיגט קאַרגע פיר טויזענט אַרבייטער. אין יאַ
נואַר האָט די באָאַרד געגעבען דער יוניאָן אַנערקענונ
אין די גלאָז פאַבריקען פון דער פּיטסבורג פּלעיט גלע
קאָמפּאַני, וועלכע באַשעפטיגט אַרום 6,500 אַרבייטע
די צוויי פירמעס מאָנאָפּאָליזירען פּאַקטיש דעם גאַנצ
טרייד.
די פעדעראַציע פון ראַדיאָ אַרטיסטען, די יוני
פון די קינסטלער וואָס טרעטען אויף אין ראַדיאָ פּר
גראַמען, האָט דעם מאָנאַט אונטערגעשריבען אַן אַגר
מענט מיט אַ פאַרבאַנד פון די אַדווערטייזערס וו
אַראַנזשירען די ראַדיאָ פּראָגראַמען. די יוניאָן הא
געוואונען קלאָוזד שאָפּ און פאַרבעסערונגען אין
באַדינגונגען. דער אַגרימענט איז פאַר צוויי יאָר.
די 400 דרייווערס אויף די באַסעס פון דער איס
סייד אָמניבוס קאָרפּאָריישאָן און די קאָמפּרעהענסי
אָמניבוס קאָרפּאָריישאָן האָבען דעם מאָנאַט געוואונ
אַ נייעם אַגרימענט מיט באַדייטענדע פאַרבעסערונג
זיי האָבען געוואונען קלאָוזד שאָפּ, וואָס זיי האָבען א
דעם פריהערדיגען אַגרימענט ניט געהאַט, אַ העכערו
אויף די שכירות פון 8 ביז 10 פּראָצענט, צוויי וואָכ
וואַקאַציע מיט געצאָלט, באַצאָלט פאַר געזעצליכע ימי
טובים און אַנדערע פאַרבעסערונגען. דער אַגרימענ
איז אויף צוויי יאָר צייט.

אַנטשיידונגען פון דער נעשאָנאַל לייבאָר באָאַרד

די נעשאָנאַל לייבאָר רילעישאָנס באָאַרד האָט ד
מאָנאַט באַפוילען די בעטהלעהעם שיפּבילדינג קאָמ
פּאַני אויפצולייזען איר קאָמפּאַני יוניאָן אין די צוו
יאַרדס אין פאָל ריווער און אין באָסטאָן; אַנערקענ
די מאַרין און שיפּ בוי אַרבייטער יוניאָן אַלס די איינ
ציגע פאָרטרעטערין פון די אַרבייטער אין איר באַ

ביטען ביי באָס וואַש־סוטס. די פירערשאַפט פון דעם לאָקאַל אָבער האָט זיך גאָר פאַרנומען מיט פאַרכאַפּען יוריסדיקציע איבער שעפּער וואו עס ווערען געמאַכט מיידעלשע באַקליידונגס אַרטיקלען, וואָס געהערט אונטער דער יוריסדיקציע פון דער אינטערנעשאַנעל. די מערסטע קאָנטראַקטאָרס און א גרויסע צאָל פון די מאַנופעקטשורערס מיט וועמען לאָקאַל 169 האָט געהאָט די אַגרימענטס ביז איצט און מיט וועלכע זיי זוכען צו באַנייען די אַגרימענטס, פּראָדוצירען, ניט קיין באָיס סוטס נאָר אינפענטס און טשילדרענס קאוטס, סנאָו סוטס און אַנדערע מיידעלשע ספּאָרט ווער, קליידער וועלכע מען קען באַין אופן ניט אריינרעכענען אין דער קאַטעגאָריע איבער וועלכע די אַמאַלגאַמייטעד האָט יוריסדיקציע. אלס רעזולטאַט פון דער האנדלונג, ווערען אונזערע מיטגלידער באַרויבט פון דער מעגליכקייט צו מאכען אַ לעבען אין זייער אייגענעם טרייד. וואָס איז נאָך ערגער, איז דאָס וואָס לאָקאַל 169, אום צו פאַרכאַפּען יוריסדיקציע אין אונזער טרייד, סעטעלט מיט די בעלי בתים אויף באַדינגונגען וועלכע זיינען פיל נידעריגער ווי די סטאַנדאַרדס וואס זיינען איינגעפירט אין אונזער אינדוסטרי.

צו געבען בלויז עטליכע ביישפּילען: אין דעם אַגרימענט וואס זיי האָבען ביז איצט געהאַט מיט מאַנופעקטשורערס פון מיידעלשע קליידער און וועלכען זיי זוכען איצט צו באַנייען פאַקטיש אויף די זעלבע באַדינגונגען, איז איינגעשטעלט די 40 שטונדען וואָך אַנשטאַט די 35 שטונדען וואס מען ארבייט אין די זעלביגע שעפּער אונטער אונזער אַגרימענט; זיי האָבען א פערצען דאָלער מינימום סקעיל פאַר געלערנטע בעל־מלאכות; לערנערס ווערען ערלויבט צו אַרבייטען פאר 8 דאָלער א וואָך די ערשטע צוועלף וואָכען, און זיי דאַרפען אפילו ניט זיין קיין מיטגלידער אין דער יוניאָן. אזוינע פונקטען אין דעם אַגרימענט פון לאָקאַל 169 און פילע ענליכע פונקטען, גראָבען אונטער די באַדינגונגען אין טרייד וועלכע די קלאוקמאכער האָבען אויסגעקעמפט דורך יאָרען פון קאַמף און קרבנות.

דורך דעם לעצטען סעזאָן, האָבען מיר קאָנפערירט מיט פאַרטרעטער פון לאָקאַל 169 און אויך מיט אַ קאָמיטע פון דער קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָן און מיר האָבען זיי אָפען דערקלערט, אַז מיר וועלען קיין מאָל ניט אויפגעבען אונזער יוריסדיקציע אויף די פרויען און מיידעלשע קאוטס, סנאָו סוטס, אָדער וועלכע עס איז אַנדערע פרויען קליידער און וועלען ניט דערלאָזען אַן אָרגאַניזאציע אונטערשרייבען אַן אגרימענט מיט מאַנופעקטשורערס פון די סאָרטען קליידער אונטער דעם אויסרייד אַז זיי מאַכען באָיס וואַש סוטס. איצט, ווען דער אגרימענט איז אויסגעגאנגען, און לאָקאל169 זוכט ווייטער אַנצוהאלטען דאָס אונטערגראָבען די באַדינגונגען פון די קלאוקמאכער אין דער ליין ארבייט דורך א פאַרזוך דעם אַגרימענט צו באַנייען, און זיי סטראַשען עפענטליך אין דער פרעסע צו רופען א סטרייק אום ארויפצוצווינגען זייער הערשפט אין דעם טרייד, וואס געהערט ניט צו זיי, איז עס אונזער פליכט צו לאָזען וויסען די אַלע וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דעם טרייד, אַז אונזער אָרגאַניזאציע וועט ניט אנערקענען קיין אגרימענט פון וועלכער עס איז אַנדער אָרגאַניזאציע אויסער אונזערער איבער קליידער, וועלכע געהערען אונזער יוריסדיקציע.

יעדער אַגרימענט מיט אַזוינע בעלי בתים וואס וועט געשלאָסען ווערען אונטער דעם פאלשען אויסרייד אויף נידעריגערע שכירות, לענגערע ארבייטס־שטונדען און ערגערע באַדינגונגען ווי די וואס מיר האָבען אין טרייד וועט פון אונז איגנאָרירט ווערען און בעלי בתים, וואָס וועלען מאַכען מיידעלשע קליידער אונטער אַזאַ אַגרימענט, וועלען פון אונזער אָרגאַניזאציע באַהאנדעלט ווערען ווי אָפען שאָפּס.

מיר זיינען געצוואונגען צו מאכען די ערקלערונג אום איוסצומיידען אין דער צוקונפט וועלכע עס איז מיספארשטענדניסען און קלאָר צו מאכען אונזער שטעלונג אידער אזא ניט באַרעכטיגטער אגרימענט ווערט געשלאָסען. אונזערע קלאוקמאַכער האָבען א לאנגע צייט בלוטיג געליטען פון אַט די אומגעזעצליכע פאַרכאַפּונג פון זייער טרייד, און מיר וועלען עס לענגער ניט דולדען. מיר האָפען אז די אַמאַלגאַמייטעד און לאָקאל 169 וועלען באַגרייפען אונזער לאַגע און ניט פאַרגרעסערען די לאַסט וואָס מיר האָבען דורך איבערטרעטען זייערע גרענעצען און איינשטעלען דואל קאָנטראַקטען אין פארשידענאַרטיגע סטאַנדאַרדס אין דעם זעלביגען טרייד.

# אין דער דרעס דזשאָינט באָארד

די דרעס דזשאָינט באָארד איז דעם מאָנאַט געווען שטאַרק באשעפטיגט מיט אַפּרייניגען די רעשטלעך פון די שעפּער וואָס האָבען געזוכט זיך ארויסצודרייען פון יוניאָן קאָנטראָל דורך דער צייט פון די פאַרהאנדלונגען וועגען דעם נייעם אַגרימענט און פאַרפעסטיגען איר קאָנטראָל אין די ווינקלען פון דער אינדוסטרי וואס דער נייער אגרימענט האָט פאר איר געמאכט מעגליך. אָט דער קאמף איז נאָך אַלץ אין גאנצען ניט פאַרענדיגט. כאָטש די יוניאָן האָט שוין פארצייכענט באַדייטענדען פאָרטשריט.

אזוי שנעל ווי דער אַגרימענט איז אַריין אין קראַפט, דעם ערשטען פעברואר, האָט די יוניאָן זיך גענומען צו די דזשאבערס וואס האָבען רעזיגנירט פון דער אסאָסיאיישאָן אונטער'ן אויסרייד אז זיי גייען ארויס פון ביזנעס. אזוינע רעזיגנירטע פירמעס דורך דער לעצטער צייט זיינען געווען הונדערט און צוויי־און־צוואנציג. אין די ערשטע פאַר טעג פון דעם מאָנאַט זיינען 39 פון זיי ערקלערט געווארען אין סטרייק און זייער ארבייט איז אָפּגעשטעלט געווארען אין אלע שעפּער אין ניו יארק און אוט אָוו טאָון. ארום 7,000 ארבייטער זיינען באַשעפטיגט געווען אין די שעפּער וואס זיינען באַרירט געווארען דורך דעם סטרייק. אין די נעקסטע עטליכע טעג איז דער סטרייק אויסגעברייטערט געווארען געגען נאָך אַ פאַר צענדליג פירמעס. צווישען זיי זיינען געווען גאנץ באַדייטענדע פירמעס ווי די איירווי דרעס, וועלכע באַשעפטיגט אין סעזאָן ארום 1,000 ארבייטער אין אירע קאָנטראַקטינג שעפּער; קאפּלאן און עלייעס, וועלכע באַשעפטיגט איבער 1,500 ארבייטער און ענליכע. עס זיינען נאַטירליך אויך געווען צווישען זיי קליינע פירמעס וועלכע באַשעפטיגען בלויז איינעם אָדער צוויי קאָנטראַקטאָרס. די מערסטע פון די פאַרסטרייקטע שעפּער זיינען געווען אין דער גאָר ביליגער ליין, די אזוי גערופענע $1.37 ליין. דאָס זיינען די שעפּער, וועלכע די דרעס דזשאָינט באָארד האָט איבערגענומען יוריסדיקציע פון לאָקאל 91.

לעצטעס יאָר, ווען די דזשאָינט באָארד האָט איבערגענומען די פירמעס, האָט זי מיט זיי געשלאָסען אינדיווידועלע קאָנטראַקטען צייטווייליג ביז דער באַנייאונג פון די קאָלעקטיווע אַגרימענטס אין טרייד. ווען די אגרימענטס זיינען באַנייט געווארען, האָט דזשענעראל מענעדזשער. האָכמאַן אָנגעהויבען פארהאנדלען מיט די פירמעס וועגען איינשליסען זיי אין די קאָלעקטיווע אגרימענטס. אין אָנפאנג האָבען סיי די דזשאבערס פון דער ליין און סיי זייערע קאָנטראַקטאָרס, זיך אנטזאגט אָנצושליסען אָן די אסאָסיאיישאָנס און האָבען געזוכט צו קריגען באַזונדערע אַגרימענטס מיט דער יוניאָן, נאַטירליך אונטער נידעריגערע ארבייטס־באַדינגונגען ווי די וואָס זיינען איינגעשלאָסען אין די אַגרימענטס פאַר די בעסערע ליינס דרעסעס. נאָך לאנגע פארהאנדלונגען האָבען די קאָנטראַקטאָרס זיך אָנגעשלאָסען אָן דער יונייטעד אַסאָסיאיישאָן אלס טייל פון איר. די דזשאָבערס אָבער האָבען זיך נאָך אַלץ געדונגען. זיי האָבען ניט געוואָלט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר פרייזען און באַדינגונגען אין זייערע קאָנטראַקטינג שעפּער ווי עס האָבען געטאָן די אנדערע דזשאבערס. איבער דעם איז די יוניאָן געצוואונגען געווען צו ערקלערען סטרייקס געגען זיי אין אָפּשטעלען זייער ארבייט. ערשט דאַן זיינען די דזשאָבערס געוואָרען ווייכער און די מערסטע פון זיי האָבען געסעטעלט.

די נעקסטע אויפגאבע צו וועלכער די דזשאָינט באָארד האָט זיך גענומען, איז געווען צו ברענגען אין ליין די טראַק אייגענטימער וואס פירען די דרעסעס פון די דזשאָבערס צו די קאָנטראַקטאָרס אוט אָוו טאָון און צוריק. ווי מיר האָבען שוין אָנגעוויזען אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט", איז אין דעם נייעם אַגרימענט מיט דער קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָן איינגעשלאָסען געווארען א פונקט אז זיי זאָלען מאכען אראנדזשמענטס מיט די טראַק אייגענטימער אום יענע זאָלען ווערען איינגעשלאָסען אין דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט אין טרייד און זיין אונטערוואָרפען דעם קאָנטראָל און די פארפליכטונגען אין דער אינדוסטריע. די קאָנטראַקטאָרס אסאָסיאיישאָן האָט זיך מיט זיי געאייניגט אויף באַדינגונגען וועלכע האָבען איינגעשלאָסען די קאָנצעסיע, אז זיי זאָלען פירען די ביליגע ליין דרעסעס אויך אין שטאָט. איצט האָבען זיי

# נאַגלער ערוויילט מענעדזשער פון קאַטערס לאָקאַל 10

נאָך איינעם פון די שאַרפסטע וואַל־קאַמפּיינס וואס איז ווען עס איז אָנגעפירט געווארען אין וועלכען עס איז לאָקאַל פון דער אינטערנעשאַנעל, איז שבת, דעם 18־טען פעברואר פאַרגעקומען די וואַלען פאַר א נייער אַדמיניסטראַציע אין דער קאַטערס יוניאָן לאָקאַל 10, מיט דעם רעזולטאַט וואָס וויס־פּרעזידענט איזידאָר נאַגלער, דזשענעראל מענעדזשער פון דער קלאָוק דזשאָינט באָארד, איז ערוויילט געווארען אלס מענעדזשער פון לאָקאַל, צוזאמען מיט דער גאַנצער ליסט פון קאַנדידאַטען, וואס זיינען געלאָפען אויף זיין סלעיט.

איבער 5,000 מיטגלידער פון לאָקאַל האָבען זיך באַטייליגט אין די וואַלען. די עלעקשאָנס זיינען דורכגעפירט געווארען פון א קאָמיטע פון לאָקאַל אונטער'ן אויפזיכט פון א קאָמיטע פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באָארד. פּרעזידענט דובינסקי האָט פערזענליך אויפגעפאַסט אז די וואַלען זאָלען געפירט ווערען געזעצליך און אַנשטענדיג. טראָץ דער גרויסער צאָל שטימען וואס זיינען אָפּגעגעבען געווארען און די היץ פון קאַמפּיין, זיינען די וואַלען דורכגעגאנגען רוהיג און אין פולער אָרדענונג.

ערוויילט געווארען זיינען די פאָלגענדע:

פאַר מענעדזשער פון לאָקאַל, איזידאָר נאַגלער, מיט 3,283 שטימען. זיין געגען קאַנדידאַט פערלמוטער, דער איצטיגער מענעדזשער פון לאָקאַל, האָט געקראָגען 1747 שטימען.

לואיס סטאָלבערג אלס אַסיסטענט מענעדזשער, איז ערוויילט געוואָרען מיט 3,902 שטימען, געגען די 1,013 שטימען פאר זיין געגען קאַנדידאַט, דזשאָזעף יוני.

אלס פּרעזידענט פון לאָקאַל איז ערוויילט געוואָרען הערי שאַפּיראָ מיט 2,217 שטימען. די אַנדערע צוויי קאַנדידאַטען פאר דעם אַמט האָבען געקראָגען: אַרנאָלד ליפס, 1,597 און י. אבראַמאָוויץ, 1,189 שטימען.

אלס וויס־פּרעזידענט איז ערוויילט געווארען דזשוליוס לעווין, מיט 2,715 שטימען. זיינע צוויי געגען קאַנדידאַטען פאר דעם אַמט, רעי פּינקסאָן און מאָריס פריעד, האָבען ביידע צוזאמען געצויגען 2,033 שטימען.

אלס סעקרעטאַר איז ערוויילט געווארען מאַקס גאָלדבערג, מיט 2,762 שטימען. זיינע ביידע געגנער, טשאַרלס סטיין און מאָריס דזשייקאָבס, האָבען צוזאמען געקראָגען 2,157 שטימען.

אין דעם מיסעלייניאוס דעפּאַרטמענט וואו עס האָבען געקענט שטימען בלויז די קאַטערס וואָס ארבייטען אין די מיסעלייניאוס טריידס, איז ערוויילט געווארען מאו פאַליקמאַן מיט 660 שטימען. זיינע צוויי געגען קאַנדידאַטען האָבען צוזאַמען געקראָגען 377 שטימען.

די אַנדערע ערוויילטע זיינען: פאר ביזנעס איידזשענטס, פענקין, גאָרדאָן, אַנסעל, ס. לידער, אָרלאָוויץ, פרענק מיליטארי, סאול מאָס, אוירווינג קאפּלאן און פרעדעריק ראטנער; פאר סאַרדזשענט עט אָרמס איז ערוויילט געווארען מאָסאָווער; אין דער עקזעקוטיוו קאָמיטע:

פון דער קלאוק דיוויזיע

| | שטימען | | שטימען |
|---|---|---|---|
| ווייצענהאָפער | 1529 | סיווין | 1323 |
| בעס | 1529 | מיטעלגליק | 1384 |
| גאוז | 1577 | מאו דיימאָנד | 1513 |
| רייזמאָן | 1422 | דזשאָו עידעס | 1400 |
| | | דעיוויס | 1184 |

פון דער דרעס דיוויזיע

| | | | |
|---|---|---|---|
| שטראוס | 1617 | מאָזער | 1517 |
| סענדזשאָרדזשיא | 1538 | עוורי | 1522 |
| | | גאָלדשטיין | 1499 |
| וויניק | 1547 | זוויבאן | 1481 |
| מאָריס פּילער | 1642 | סינגער | 1377 |

פון דער מיסעלייניאוס דיוויזיע

דאָלאָדזשין — 503 שטימען . באַראַוויק 489 שטימען

די אינסטאָליישאָן איז פאָרגעקומען מאָנטאג, דעם 27־טען פעברואר. פּרעזידענט דובינסקי האָט איינגעשוואָרען די ערוועהלטע בעאמטע.

# וואס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאנאל




ויט דעם לוח האט שוין איצט געדארפט זיין דער פרילינג סעזאן אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע אין רעכטען ברען. איז עס דאך שוין בלויז זעקס וואכען צו איסטער, דאס הייסט, צום סוף פון ספרינג סעזאן. ליידער אבער, איז נאך אין די קלאוק און דרעס שעפער אלץ ניט ביזי. אין די בעסערע ליינס ארבייט איז נאך צו דערליידען. דארט ארבייט מען שוין א פיר־פינף וואכען און אין די שעפער וועלען די ארבייטער מאכען א צען וואכען שכירות. ביי דער בעסערער ליין ארבייטען אבער בלויז א קליינער פראצענט פון די ארבייטער. דער גרעסטער טייל ארבייטער זיינען אנגעוויזען אויף דער מיטעלער און ביליגער ליין ארבייט און ביי דער ליין וועט שוין, ווי עס ווייזט אויס, קיין סעזאן ניט זיין. אין אן איבערזיכט איז ניט מעגליך זיך פאנאנדערצוקלייבען איבער די אורזאכען פון דער אויסערגעוויינליכער ארבייטסלאזיגקייט אין טרייד, אלץ וואס מען קען טאן, איז פארצייכענען דעם פאקט.

## הילף פאר די ארבייטסלאזע

אונטער די אומשטענדען, איז עס ניט מער ווי נאטירליך אז אין די מערסטע לאקאלס זאל די פראגע פון שאפען פיל מעגליך הילף פאר די ארבייטסלאזע מיטגלידער, שטיין אויפ'ן טאג־ארדנונג. אין ניו יארק האבען דורך דעם מאנאט געהאנדעלט איבער דער פראגע די לאקאלס 117, קלאוק אפערייטארס; לאקאל 22 דרעסמאכער; לאקאל 60 דרעס פרעסערס און לאקאל 35 קלאוק פרעסערס. אין די אלע לאקאלס זיינען אנגענומען געווארען באשלוסען צו שאפען שטיצע פאר די ארבייטסלאזע.

די דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22 האט ביי זיבען דיסטריקט מיטינגען כמעט איינשטימיג גוטגעהייסען די רעקאמענדאציע פון זייער עקזעקוטיוו באארד צו טעקסען די מיטגלידער וואס ארבייטען, מיט צען פראצענט פון זייערע שכירות פאר צוויי וואכען. דאס, רעכענט מען, וועט אריינברענגען די סומע פון ארום 150,000 דאלער אין דעם פאנד צו העלפען די ארבייטסלאזע.

אין דער קלאוק אפערייטארס יוניאן לאקאל 117 איז באשלאסען געווארען מיט אלע שטימען פאר און בלויז זעקס דאגעגען, אז אלע קלאוק אפערייטארס, וואס ארבייטען דעם סעזאן, זאלען צאלען א טעקס פון פינף דאלאר פאר'ן ארבייטסלאזען פאנד. לויט דעם באשלוס וועט דער טעקס דארפען באצאלט ווערען ניט שפעטער פון 15טען מארטש. נאכדעם וועלען די ארבייטסלאזע מיטגלידער רעגיסטרירט ווערען און יעדער וועט געשטיצט ווערען לויט די מעגליכקייטען וואס די אריינגעקומענע געלט וועט געבען און לויט דער נויטבאדערפטיגקייט פון דעם באטרעפענדען מעמבער.

די דרעס פרעסערס יוניאן לאקאל 60 האט באשלאסען צו טעקסען די מיטגלידער מיט פינף דאלער יעדען פאר דעם ארבייטסלאזען דעפארטמענט. דער לאקאל האט איינגעשטעלט א סיסטעם, אז יעדער מעמבער וואס ארבייט גיט אפ דריי טעג א סעזאן פאר די ארבייטסלאזע. די ביורא זוכט אויך ארויפצושטעלען פרעסערס צו דער ארבייט וואו מעגליך. דער סיסטעם וועט אויך אנגעהאלטען ווערען דאס יאר. עס איז פאר די אויסגאבען פון דער ביורא וואס דער טעקס איז ארויפגעלייגט געווארען.

## צענטראלער קאנטראל אין די סלאוס שעפער אנגענומען

די קלאוק דזשאינט באארד האט סוף לעצטען חודש איינשטימיג גוט געהייסען דעם מער צענטראליזירטען סיסטעם פון קאנטראל איבער די שעפער, וועלכער איז דיסקוטירט געווארען דורך די לעצטע עטליכע מאנאטען.

אונטער דעם נייעם סיסטעם פון קאנטראל, וועלען די דיסטריקטען פאר די ביזנעס אידזשענטס איינגעטיילט ווערען, ניט לויט דיסטריקטען וואו די שעפער געפינען זיך ווי ביז אהער, נאר לויט די פרייז־אפטיילונג פון דזשאבערס און מאנופעקטשורערס וואס ווערען קאנטראלירט פון א באשטימטען דעפארטמענט. אונטער דעם סיסטעם וועט א ביזנעס אידזשענט קאנטראלירען אלע שעפער, די אינסייד און קאנטראקטינג שעפער, פון א געוויסען דזשאבער אן אונטערשיד אין וועלכע גאסען אדער געגענטען פון שטאט די שעפער געפינען זיך.

אונטער דעם נייעם סיסטעם פון קאנטראל וועלען די ביז איצטיגע דעפארטמענטס אין דער דזשאינט באארד אפגעשאפט ווערען און אנשטאט דעם וועלען איינגעשטעלט ווערען דריי דעפארטמענטס: אינדאסטריעל (מאנופעקטשורערס), מוירטשענטס (דזשאבערס) און סנאו סוטס און אינפענטס קאוט דעפארטמענט. אין יעדען פון די דריי דעפארטמענטס וועלען די שעפער איינגעטיילט ווערען לויט גרייד און עס וועט אנגעשטעלט ווערען גרייד־מענעדזשערס וועלכע וועלען האבען אונטער זיך די נויטיגע צאל ביזנעס אידזשענטס צו קאנטראלירען די שעפער.

אלס מענעדזשער פון די דריי דעפארטמענטס זיינען באשטימט געווארען ברודער מ. פיינבערג פאר'ן אינדאסטריעל קאונסיל דעפארטמענט מיט סי. קארטאנוטא און מ. ברעדשניידער אלס גרייד מענעדזשערס; י. באראכאוויץ אין דזשאבערס דעפארטמענט מיט ה. סלוצקי, ב. קאפלאן און א. קאטאנע אלס גרייד מענעדזשעס; י. העלער וועט זיין מענעדזשער פון דעם סנאו סוט דעפארטמענט מיט י. עטקין אלס דיסטריקט מענעדזשער פון די אינפענטס און טשילדרענס קאוט שעפער. א מיטגליד פון לאקאל 48 וועט צוגעשטעלט ווערען אין דעם דעפארטמענט און בעלסאן וועט פארבלייבען אויף דער זעלבער ארבייט וואס ער טוט איצט. ברודער לעפקאוויץ, וועלכער איז ביז איצט געווען מענעדזשער פון דזשאבערס דעפארטמענט און אסיסטענט דזשענ. מענעדזשער, וועט איצט פארבלייבען אסיסטענט דזשענעראל מענעדזשער.

אונטער דעם נייעם פלאן, וועלען אלע ביזנעס אגענטען וואס זיינען ביז איצט געווען אין ברוקלין, טראנספערירט ווערען אין דעם ניו יארקער אפיס און וועלען באשטימט ווערען צו די פארשידענע דעפארטמענטס. אין די אפיסעס אין בענסאנהורסט און בראנזוויל וועלען פארבלייבען צו איינציגע מענשען אויפצונעמען קלאגען און אריינגעמען דיוס. די קלאגען וועלען זיי איבערשיקען אין ניו יארקער אפיס צו די ביזנעס אגענטען, וועלכע וועלען קאנטראלירען די באטרעפענדע שעפער. א מיטגליד פון לאקאל 48 וועט באשטימט ווערען אלס קאמפליינט קלוירק אין וויליאמסבורג וואו די מערהייט ארבייטער אין יענעם געגענד זיינען איטאליענער.

די ארגאניזאציאנס ארבייט אין גאנצען שטאט וועט אנגעפירט ווערען דורך דעם צענטראלען ארגאניזאציאנס דעפארטמענט אין ניו יארק. די פירמעס „סמארט מעיד", „לעסער קאוט", „אבראמאוויץ בראדערס", ה. ענד דזש. בלאק", „רייזמאן און ראטמאן" און ענליכע פירמעס וועלכע מאכען גרויסע פרויען־מאנטלען וועלען געשטעלט ווערען אונטער'ן קאנטראל סון דעם ביליגען גרייד־מענעדזשער אין אינדאסטריעל קאונסיל דעפארטמענט.

די קאמיטע פון די לאקאל יוניאנס פון דער דזשאינט באארד מיט די דעפארטמענט מענעדזשערס וועלכע האבען אויסגעארבייט די איינצעלהייטען פון דעם פלאן אונטער דעם פארזיץ פון ברודער ברעסלאו, האבען זיך דורכגערעדט מיט פרעזידענט דובינסקי איבער דער יורידיקציע איבער די קלאוק שעפער וואס געפינען זיך אונטער'ן קאנטראל פון איסטערן אוט אוו טאון דעפארטמענט און האבען איינגעשטימט, אז אין די שעפער זאל אויף ווייטער פארבלייבען דער קאנטראל איבער די שעפער לויט די געגענדען אין וועלכע זיי געפינען זיך. דער מענעדזשער און ביזנעס־אידזשענטס פון דעם קלאוק אפטיילונג פון אין אוו טאון דעפארטמענט ווערען אבער געשטעלט אונטער'ן קאנטראל פון דער קלאוק דזשאינט באארד, פון וועמען זיי וועלען קריגען זייערע אינסטרוקציעס וועגען באדינגונגען און צו וועמען זיי וועלען זיין פאראנטווארטליך. די דזשאינט באארד קען די בעאמטע אנהאלטען אדער אוועקשיקען, אויב זי געפינט וועמען ניט איז אומפעהיג אדער נאכלעסיג. עס ווערט איינגעשטעלט א בעסערע צוזאמענארבייט צווישען די ביזנעס אגענטען אין ניו יארק און די פון אוט אוו טאון, וועלכע קאנטראלירען קאנטראקטינג שעפער וואס ארבייטען פאר'ן זעלבען דזשאבער אדער מאנופעקטשורער. דער ניו יארקער ביזנעס אגענט האט דאס רעכט צו יעדער צייט צו באזוכען די אוט אוו טאון שעפער מיט דעם ביזנעס אגענט וואס קאנטראלירט דעם שאפ אדער אן אים. קיין סעטעלמענט קען ניט געמאכט ווערען מיט אן אוט אוו טאון שאפ אהן דער צושטימונג פון דעם דעפארטמענט מענעדזשער אין ניו יארק.

## קלאוק דזשאינט באארד טרעט ארויס שארף געגען קאנטראל פון אמאלגאמייטעד אויף מיידעלשע קאוט שעפער.

דער יוריסדיקציע סכסוך צווישען דעם אינפענט און טשילדרענס קאוט דעפארטמענט פון דער קלאוק דזשאינט באארד און דעם באיס וואש סוטס לאקאל 169 פון דער אמאלגאמייטעד איז דעם מאנאט אויסגעבראכען אין דער עפענטליכקייט. דער סכסוך גייט שוין אייגענטליך אן א לאנגע צייט איבער דעם וואס דער לאקאל האט פארכאפט יוריסדיקציע איבער שעפער, וואס מאכען די סיסטער און בראדער קאוטס, סנאו סוטס און זיפערס. די שעפער וועלכע מאכען מערסטענס מיידעלשע גארמענטס. די מאנופעקטשורערס פון דער ליין ארבייט האבען אן אסאסיאיישאן. איז אזוי לאנג ווי זיי האבען געהאט אן אגרימענט מיט דעם אמאלגאמייטעד לאקאל, האט די קלאוק דזשאינט באארד זיך באנוגענט מיט פראטעסטען און פארהאנדלען. דעם מאנאט איז אבער דער אגרימענט אויסגעגאנגען און די דזשאינט באארד האט געזוכט צו קריגען יוריסדיקציע איבער די שעפער. דער אמאלגאמייטעד לאקאל האט אבער גענומען סטראשען מיט א גענעראל סטרייק אין טרייד און דער מענעדזשער פון דעם לאקאל, בערנשטיין, איז ארויסגעקומען אין דער פרעסע מיט א קלאגע, אז די קלאוק דזשאינט באארד האט שיער ניט געמאכט א פארשווערונג מיט דער אסאסיאיישאן אוועקצונעמען פון זיי זייערע שעפער.

ווען דער אמאלגאמייטעד לאקאל איז שוין ארויסגעקומען אין דער עפענטליכקייט מיט דעם סכסוך, האט וויים־פרעזידענט י. העלער, מענעדזשעס פון דעם אינפענט קאוט דעפארטמענט פון דער קלאוק דזשאינט באארד, פארעפענטליכט א סטייטמענט אין דער פרעסע וואו ער דעקט אויף די גאנצע אנגעלעגענהייט און ערקלערט וועגען וואס עס האנדעלט זיך. זיין ערקלערונג איז ווי פאלגט:

„איך האב געלייענט אין די אידישע צייטונגען אז לאקאל 169 פון דער „אמאלגאמייטעד" סטראשעט אז, אויב געוויסע בעלי בתים וואס זיינען אנגעשלאסען אן אן אסאסיאיישאן, וועלען ניט אונטערשרייבען דעם אגרימענט מיט דעם לאקאל, וועלען זיי רופען א גענעראל סטרייק. אין דער זעלבער מעלדונג זוכט דער מענעדזשער פון דעם לאקאל צו מאכען דעם איינדרוק, אז דער מענעדזשער פון דער אסאסיאיישאן האט פארשפראכען „איבערצוגעבען די שעפער פון זיינע מיטגלידער צו א געוויסען לאקאל פון דער אינטערנעשאנעל, טראץ דעם וואס די ארבייטער וואס ווערען באשעפטיגט אין די שעפער זיינען מיטגלידער פון דעם לאקאל 169 פון דער „אמאלגאמייטעד". מר. בערנשטיין, דער מענעדזשער פון לאקאל, זוכט צו מאכען דעם איינדרוק, אז ער האט אנטדעקט א קאנספיראציע צו קידנעפען זיינע מיטגלידער...

קלאר צו מאכען פאר דעם עולם אום וואס עס האנדעלט זיך, בין איך געצוואונגען ארויסצוברענגען אין דער עפענטליכקייט א סכסוך וואס עס גייט אן צווישען אונזער יוניאן, די קלאוק דזשאינט באארד און דעם לאקאל פאר איבער א יאר. מיר האבען געמאכט דורך דער צייט פילע פארזוכען צו קומען צו א פארשטענדעניס מיט דעם לאקאל אויף אן ארגאניזאציאנעלן אופן, ניט ארויסטראגענדיג דעם סכסוך אין דער עפענטליכקייט. איצט אבער, ווען לאקאל 169 האט געפונען פאר נייטיג ארויסצוקומען דערמיט אין דער עפענטליכקייט, פיל איך עס אלס מיין פליכט צו ערקלערען וועגען וואס עס האנדעלט זיך.

לאקאל 169 איז א לאקאל פון דער „אמאלגאמייטעד" וואס האט יוריסדיקציע איבער די ארבייטער וואס ער־

## אין אוט-אוו-טאון דעפארטמענט

דער סטרייק וואס די דרעס דזשאינט באארד האט ערקלערט געגען די דזשאבערס וואס האבען רעזיגנירט פון די אסאסיאיישאנס און געגען די $1.37 ליין דזשאבערס, האט כמעט געבראכט א גענעראל סטרייק אין דער טעריטאריע וואס שטייט אונטער'ן קאנטראל פון דעם אוט-אוו-טאון דעפארמענט. א גרויסע צאל שעפער אין דער טעריטאריע ארבייטען פאר די דזשאבערס און ווען די דזשאבערס זיינען ערקלערט געווארען אין סטרייק איז די ארבייט אין די שעפער אפגעשטעלט געווארען.

ווי וויס-פרעזידענט הערי וואנדער, מענעדזשער פון אוט אוו טאון דעפארטמענט גיט איבער, זיינען אין זיין טעריטאריע אפגעשטעלט געווארען 31 שעפער אין דער ביליגער ליין ארבייט, וועלכע באשעפטיגען ארום 1,800 ארבייטער און צען שעפער פון דער בעסערער ליין דרעסעס וואס ארבייטען פאר דזשאבערס, וועלכע האבען רעזיגנירט פון דער אסאסיאיישאן. ארום און ארום, הייסט עס, זיינען אין דער טעריטאריע אפגעשטעלט געווארען 41 שעפער וואס באשעפטיגען ארום 2,400 ארבייטער. פילע פון די דזשאבערס האבען ווייזט אויס טאקע געדופעט אויף דעם, וואס זייער ארבייט ווערט געמאכט אוט אוו טאון און האבען גערעכענט אז זיי מעגען זיך ערלויבען צו באקעמפען די יוניאן. איצט האבען זיי אויסגעפונען אז די אינטערנעשאנעל קען זיי גרייכען אויך אין די קליינע שטעטלאך.

### נאך פינף ארגאניזערס אנגעשטעלט אין הארטפארד.

דער קאמפיין וואס דער דעפארטמענט פירט איצט אן אין הארטפארד, קאנעטיקוט, גייט אן ערפאלגרייך. ארגאניזער ב. שוב, וועלכער פירט דארט אן די ארבייט, מעלדעט, אז ער האט אנגעשטעלט פינף ספעציעלע ארגאניזערס, וועלכע קניפען אן פארבינדונגען מיט די ניט יוניאן ארבייטער פערזענליך און דאס ברענגט גוטע רעזולטאטען. אין שטאט האט זיך אויך ארגאניזירט א קאמיטעט פון בירגער צו העלפען דער יוניאן אין איר ארגאניזאציאנס ארבייט. אן אלגעמיינער מעמבער-מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען דעם 21טען פעברואר, וועלכער איז געווען גוט באזוכט.

אין סטעמפארד האט די יוניאן געהאט פיל טראבעל מיט דער „סאבאורבאן ווייסט שאפ", וועלכע האט ניט געוואלט וויסען אז זי האט א יוניאן שאפ. קלאגען פון די ארבייטער זיינען כסדר איגנארירט געווארען. ביז איין טאג איז דער ביזנעס אגענט פון דער יוניאן, ל. באנאך, געקומען אין שאפ רופען די ארבייטער צו א מיטינג, האט זיך די באלעבאסטע אויף אים צושריען און אים באליידיגט.

די ארבייטער זיינען צוועלף אזייגער ביי טאג געקומען אין אפיס צו א שאפ מיטינג און באשלאסען ניט צוריקצוגיין צו דער ארבייט ביז זייערע קלאגען וועלען אויסגעגליכען ווערען. נאך א סטאפעדזש פון א פאר טעג האט די פירמע באצאלט שטראף פאר באליידיגען דעם ביזנעס אגענט, געהעכערט די שכירות פון פינף ארבייטער מיט דריי דאלער א וואך יעדען, פארשפראכען צו האלטען א גענויען רעכענונג פון די שכירות וואס יעדער ארבייטער אין שאפ פארדינט, און אנערקענען דאס רעכט פון דער שאפ טשעירלידי אלס פארטרעטערין פון דער יוניאן.

### פאליציי אין לאנג ברענטש לאזט ניט פיקעטען.

די אינטערנעשאנעל לאיערס פון ניו דזשוירזי זיינען אנגעשטעלט געווארען צו ווענדען זיך אין געריכט נאך אן אינדזשאנקשאן געגען דער פאליציי און די שטאט שעפס פון לאנג ברענטש, וועלכע לאזען ניט פיקעטען דעם שאפ פון דער „לארע ליע", אונטער'ן אויסריד, אז עס איז ניט קיין אמת'ער סכסוך צווישען דער יוניאן און דעם באס.

דער מענעדזשער פון דעם שאפ, אייב בערגמאן, וועלכער איז פריער געווען פארמאן פון דער מאמאטה מאנופעקטשורינג קאמפאני באהויפטעט, אז ער האט אפגעקויפט דעם שאפ און האט דעריבער ניט קיין פארבינדונג מיט דער פריהערדיגער פירמע. ער באהויפטעט אז ער וויל דעם שאפ פארוואנדלען אין א דרעס-שאפ. דער פארבאט פון דער פאליציי צו פיקעטען איז ארויסגעגעבען געווארען נאכדעם ווי בערגמאן האט געהאט א געהיימע קאנפערענץ מיט די סיטי באארד און קאמישאנערס אין וועלכער ער האט געסטראשעט, אז אויב די יוניאן וועט אים ניט צורו לאזען, וועט ער מוטען דעם שאפ. באלד נאכדעם האט די פאליציי ארעסטירט דעם ארגאניזער, אלפרעד בעלסקין, און פאנאנדערגעטריבען די פיקעטס. דעם ארגאניזער האט מען באפרייט, אבער פיקעטען לאזט ניט די פאליציי. די יוניאן האט דעריבער זיך געווענדט אין געריכט נאך אן אינדזשאנקשאן.

### יוניאן מיטגלידער באשיצט.

די ארבייטער פון דער „איסטאן מעיד", אן אונטערוועש שאפ אין יאנקערס, האבען איצט געהאט א געלעגענהייט זיך איבערצוצייגען אז עס לוינט זיך צו באלאנגען צו א יוניאן אפילו ווען מען ארבייט אין אן אפען שאפ. די געשיכטע איז אזוי געווען:

אין 1937 האט די יוניאן זיך גענומען ארגאניזירען די ארבייטער פון דעם שאפ. דארט האבען געארבייט 150 ארבייטער. די פירמע, ווען זי האט זיך דערוואוסט אז מאנכע ארבייטער אירע האבען זיך אנגעשלאסען אן דער אינטערנעשאנעל, האט ארגאניזירט א קאמפאני יוניאן און אנטזאגט די ארבייטער וואס האבען באלאנגט צו דער יוניאן. די יוניאן איז געצוואונגען געווען צו דערקלערען א סטרייק און דרייסיג ארבייטער זיינען ארונטער. די איבעריגע זיינען געבליבען ארבייטען.

די יוניאן האט דאן פארקלאגט די פירמע פאר דער לעיבאר רילעישאנס באארד און גלייכצייטיג אנגעהאלטען דעם סטרייק. דאס האט זיך אזוי געצויגען ארום אכט מאנאטען. ענדליך האט די לעיבאר באארד געאָרדערט דער פירמע צוריקצונעמען די סטרייקער צו דער ארבייט און אויפלעזען די קאמפאני יוניאן. די פירמע האט אויסגעפאלגט דעם באפעל אבער באלד נאכדעם האט זי אריבערגעפירט דעם שאפ נאך האליאק, פענסילווייניע, ארויסווארפענדיג פון דער ארבייט אויך די הונדערט און צוואנציג געטרייע בעל-מלאכות וועלכע האבען עדות געזאגט פאר'ן באס ביי די פארהערען פאר דער לעיבאר באארד.

די יוניאן האט ווידער פארקלאגט די פירמע, באשולדיגענדיג איר, אז דורך איר ארויספירען דעם שאפ האט זי געבראכען איר פארשפרעכען אויסצופאלגען דעם ארדער פון דער לעיבאר באארד. נאך לאנגע פארהאנדלונגען האט די פירמע געסעטעלט מיט דער יוניאן אויף פאלגענדע באדינגונגען:

די פיר קאטערס ווערען אנגעשטעלט צו דער ארבייט אין דעם נייעם שאפ און די פירמע דארף זיי צאלען צען דאלער א מאנאט עקסטרא פאר קאר-פעיר צום נייעם פלאץ; דאס זעלבע פאר דעם שיפינג קלוירק, וועלכער האט אויך געסטרייקט. פאר די 25 ארבייטער וואס האבען באלאנגט צו דער יוניאן גיט די פירמע זעקס הונדערט דאלער קעש פאר שאדערזאץ ביז זיי וועלען קריגען נייע דזשאבס. די „געטרייע" בעל-מלאכות, וועלכע האבען געהאלפען דעם באס, קריגען גארנישט.

## אין קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט

אויך דער קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט, אונטער דער פארוואלטונג פון וויס-פרעזידענט עלייעס רייזבערג, איז דעם מאנאט געווען ביזי מיט די סטרייקס אין דרעס שעפער וואס ארבייטער פאר די דזשאבערס, געגען וועמען די דזשאינט באארד אין ניו-יארק האט דערקלערט סטרייקס.

די פאלגענדע שעפער סטרייקען: פען ספארטוועער אין אלענטאון; „פעננא דרעס" אין גארטהעמפטאון; „עמאוס דרעס" אין עמאוס, פענסילווייניע; צוויי שעפער פון דער „מילרא דרעס", איינער אין גארעסטאון און איינער אין סאדערסטאון; „שערמאן און קאנטער" אין בעטהלעהעם. טרעמאנט ספארטסוועער אין טרעמאנט, פענסילווייניע; „פערפעקט מעיד" אין העיזעלטאן; קווין גאוועלטי, אין טרענטאן, ניו דזשוירזי; „קעיפ קאוד דרעס" אין פאל ריווער, מאסאטשוזעטס, און דריי שעפער פאר קאפלאן און עלייעס אין וואן סאקעט, ראוד איילענד, עפראטהא און העריסבורג, פענסילווייניע. ווי רייזבערג באריכטעט, זיינען די אלע שעפער געשלאסען.

### עמבראידערי ארבייטער אין באסטאן ארגאניזירען זיך.

די באסטאנער אפטיילונג פון דעם קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט פירט איצט אן אן ארגאניזאציאנס-קאמפיין צווישען די עמבראידערי ארבייטער. צו א מיטינג וואס די יוניאן האט גערופען סוף לעצטען מאנאט זיינען געקומען ארום אכציג פראצענט פון די ארבייטער אין דעם טרייד. דער מיטינג איז אדרעסירט געווארען פון די וויס-פרעזידענטען פיליפ קרעימער און ראוז פעסאטא און די ארגאנייזערס י. האלפערין, מערי לעווין און קלעיר פינעא. א קאנפערענץ מיט די בעלי בתים אין טרייד וועגען אן אגרימענט איז געהאלטען געווארען. די פארהאנדלונגען ווערען פארטגעזעצט.

## אין דער סאוטה-וועסט

מייער פערלשטיין, פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנעל אין דער סאוט-וועסט, שרייבט:

די פארהאנדלונגען מיט דער „דאנעלי גארמענט קא.", פון וועלכער דער געוועזענער סענאטאר ריעד'ס פרוי איז די אייגענטימערין, האט זיך ווידער פארפלאנטערט אין די רעד טעיפ און איז ניט געקומען צו קיין שלום. דער קאנפערענץ וואס האט געזאלט געהאלטען ווערען דעם פערטען פעברואר, איז ניט פארגעקומען. מיר האבען, אנשטאט דעם, צוגעשטעלט שריפטליך אונזערע באדינגונגען פאר א סעטלמענט. דערווייל איז אונזער קלאגע צו דער נעשאנעל לעיבאר רילעישאנס באארד געגען דער פירמע אפגעשיקט געווארען נאך וואשינגטאן פאר א פארהער.

### לאיער פון א סטרייק-ברעכער אגענטור קלאגט דער יוניאן.

דער לאיער פון דער א. א. אנעד סטרייק ברעכער אגענטור, וועלכע האט ארגאניזירט און אויפגעהאלטען די קאמפאני יוניאן פאר דער „פארעסט סיטי מאנופעקטשורינג קא." פון סיינט לואיס, דורך די לעצטע פינף יאר, האט פארקלאגט אין געריכט לאקאל 78 פון סיינט לואיס, איבער א געוויסען סכסוך וואס דער לאקאל האט געהאט מיט איינעם. די פארעסט סיטי קאמפאני רעכענט, ווייזט אויס, אזוי ארום פארמאטערען די יוניאן און צווינגען איר אביסעל נאכלאזען דעם קאמפיין וואס זי פירט אן געגען דער פירמע. דאס אבער העלפט ניט. דער קאמפיין געגען דער פירמע ווערט אלץ שטארקער און ערפאלגרייכער. לעצטע וואך האבען די סטאר קיפערס פון סאוטערן אילינאי פארשפראכען דער קאמיטע פון דער יוניאן צו קענסלען אלע ארדערס וואס זיי האבען באשטעלט ביי דער פירמע און איר לאזען וויסען, אז זיי קענען ניט קויפען זייערע דרעסעס ביז זיי וועלען סעטלען מיט דער יוניאן.

### יוניאן ארגאנייזער פארוואונדעט אין סאן אנטאניא.

רעבעקא טעילאר, מענעדזשער פון די אינטערנעשאנעל לאקאלס אין סאן-אנטאניא, איז דעם מאנאט פארוואונדעט געווארען פון איינער וואס איז אנגעשטעלט געווארען פון דער „האלפס מאנופעקטשורינג קאמפאני", וואו די ארבייטער זיינען אין סטרייק. מיס טעילאר איז פארוואונדעט געווארען אין קני און איז איצט אין א קעסט אין דרעהיים.

די פירמע איז געווען איינע פון די צוויי פירמעס אין סאן-אנטאניא, וואו די ארבייטער האבען זיך ניט אנגעשלאסען אין דער יוניאן ווען די אנדערע שעפער אין שטאט זיינען ארגאניזירט געווארען, ווייל זיי האבען געקראגען אביסעל העכערע שכירות ווי די ארבייטער אין דיטשילדרען דרעס שעפער. זיי האבען געקראגען פון 35 ביז 40 סענט א שטונדע. אזוי שנעל אבער ווי דער באס האט דערזעהן אז זיי באלאנגען ניט צו דער יוניאן, האט ער זיי געשניטען די שכירות צו 25 סענט א שטונדע, מאכענדיג דעם מינימום פון דעם שטונדען-שכירות געזעץ פאר זייער מאקסימום. דער שאפ פראדוצירט סילק דרעסעס און סלעקס, וועלכע פארקויפען זיך פון $3.75 ביז $10.75 א גארמענט. צוואנציג פון זיינע ארבייטער, אמעריקאנער מיידלאך, האבען זיך געווענדעט צו דער יוניאן און זיינען ארונטער אין סטרייק. די ארבייטער פון די אנדערע שעפער העלפען זיי פיקעטען און דער סטרייק שטייט גוט.

### באס וויל פטור ווערען פון דער יוניאן און ענדיגט מיט א רעיז פאר די ארבייטער.

קרענדאל מאנופעקטשורינג קאמפאני פון הויסטאן, טעקסעס, האט זיך פארוואלט פטור ווערען פון דער יוניאן. האט די פירמע באשלאסען ניט צו באנייען דעם אגרימענט. מען האט דער פירמע געווארענט, אבער עס האט ניט געהאלפען. ביז אין איין שיינעם פרימארגען זיינען א גרופע מיידלאך אונטער דער פירערשאפט פון לאקאל מענעדזשער עליזאבעט וואהייט ערשינען ביים שאפ און אפגעשטעלט די מיידלאך פון דער

געדארפט שליסען אן אגרימענט מיט דער דרעס דזשאינט באארד און זיך פארפליכטען ניט צו פירען קיין ארבייט צו ניט יוניאן און ניט דעזיגנירטע קאנטראקטארס.

די פארהאנדלונגען מיט די טראק אייגענטימער זיינען אנגעגאנגען א פאר וואכען און עס האט אויסגעזען אז אלץ גייט אויף א לאד און מען וועט זיך באלד אייניגען אויף אלע פונקטען. פלוצלונג אבער האט בארני שאפירא, דער מענעדזשער פון דער טראק אונערס אסאסיאיישאן, טעלעפאנירט דזשענעראל מענעדזשער האכמאן אז די קאנפערענצען ווערען אפגעבראכען. אלס אויסרייד פאר אפברעכען די קאנפערענצען האט ער אנגעגעבען א נארישען אויסרייד, אז עטליכע קאנטראקטארס וואס באלאנגען צו א סאשעל קלוב האבען באשלאסען געגען געבען די טראקערס פירען די דרעסעס וואס ווערען געמאכט אין ניו־יארקער שעפער.

קיין איבערראשונג איז אט די האנדלונג פון בארני שאפירא און עטליכע וואס זיינען מיט אים, ניט געווען פאר דער יוניאן. דורך דער גאנצער צייט פון די פארהאנדלונגען איז עס פאר דזשענעראל מענעדזשער האכמאן און די מיטגלידער פון דער קאנפערענץ קאמיטע געווען קלאר, אז שאפירא זוכט אן אויסרייד ניט צו דארפען שליסען אן אגרימענט מיט דער יוניאן. די יוניאן האט גענומען די איינציג מעגליכע שטעלונג אונטער די באדינגונגען. זי איז ארויסגעטראטען אין קאמף געגען די טראקאייגענטימער.

דאס ערשטע האט די דזשאינט באארד מיט דער הילף פון ברודער סאל מעץ, מענעדזשער פון דעם טראק דרייווערס לאקאל פון דער אינטערנעשאנעל 102, גערופען דעם זעלבען זונטאג א מיטינג פון די טראק דרייווערס וואס ארבייטען פאר די באסעס. דער מיטינג איז געווען אויסערגעווייגליך גוט באזוכט. דזשענעראל מענעדזשער האכמאן האט פאר די טראק דרייווערס פארגעלייגט די גאנצע לאגע אין דרעס טרייד און אנגעוויזען, אז די מאכינאציעס פון די עטליכע פירער פון דער אסאסיאיישאן פון די טראק דרייווערס שעדיגט דער גאנצער אינדוסטריע, די ארבייטער וואס מאכען א לעבען אין דרעס טרייד, די טראקערס וואס פירען די ארבייט און אפילו די מערסטע טראק אייגענטימער אליין, וועלכע האבען א באשטימטע טעריטאריע. דורך דעם וואס די עטליכע גרויסע טראק קאמפאניעס האלטען אין איין באשאפען נייע סוועט שעפער אין פרישע שטעט, פארלירען די טראק אייגענטימער״די ארבייט. דער אפרוף פון די דרייווערס איז געווען זעלטען גוט. זיי האבען אויפגענומען האכמאנ׳ס רעדע מיט גרויס בייפאל און אפלאדיסמענטען. די דרייווערס האבען באשלאסען צו העלפען דער דרעס דזשאינט באארד מיט אלע מעגליכקייטען.

די זעלביגע וואך האט די יוניאן גערופען א פארזאמלונג פון די אקטיווע מיטגלידער און זיי אויפגעפאדערט צו זיין גרייט צום קאמף געגען די טראקערס. ווען די שורות ווערען געשריבען איז דער קאמף אין פולען שוואונג. דינסטאג בייטאג, דעם 21טען פעברואר, האט די דזשאינט באארד דורכגעפירט איינע פון די איינדרוקספולע דעמאנסטראציעס אויף 35טער סטריט, צווישען זיבעטע און אכטע עוועניוס. ארום 20 טויזענד דרעסמאכער האבען געווארפען די ארבייט דריי אזייגער בייטאג און זיינען געקומען ווארענען די טראק באסעס, אז אויב זיי וועלען ניט סעטלען מיט דער יוניאן זיינען די ארבייטער גרייט צו סטרייקען. רעדעס זיינען ביי דער דעמאנסטראציע געהאלטען געווארען פון דזשענעראל מענעדזשער האכמאן, מעקס בלוסטיין, מענעדזשער פון ארגאניזיישאן דעפארטמענט, דזשאן דזשעלאו, טשארלס זימערמאן, סאל מעץ, מענעדזשער פון דער דרייווערס יוניאן לאקאל 102, מעקס קאהען און אנדערע. מעיאר לאגוארדיא האט דורך טעלעגראמען צוזאמענגערופען ביידע צדדים צו א קאנפערענץ אין סיטי האל און באשטימט א קאמיטע אונטערצוזוכען די לאגע און פרובירען ברענגען צו אן אויסגלייך. בארני שאפירא, הויפט פון דער טראק באסעס אסאסיאיישאן, איז צו דער קאנפערענץ ניט געקומען, לאזענדיג וויסען, אז ער קען ניט אנוועזענד זיין איבער קראנקהייט אין זיין פאמיליע. דער מעיאר האט אבער געגעבען א שטרענגע ווארנונג די טראק באסעס, אז אויב זיי דענקען צו פארלאזען זיך אויף שטארקע מעטאדען, וועט די רעגירונג אויך עפעס האבען צו זאגען וועגען דעם... מ׳מעג ערווארטען אז אויך די טראק באסעס וואס זוכען צו מאכען פראפיטען דורך רואינירען די דרעס אינדוסטריע, וועלען אויך מוזען אין גיכען בויגען זיך און אויפגעבען זייער סטרייק־ברעכעריי. אויב אבער ניט, איז די יוניאן שטארק גענוג צו באשיצען זיך און די ארבייטער אין דער אינדוסטריע.

## לאקאל 91 באנייט אגרימענט אין הויז־דרעס טרייד

די הויז־דרעס און באטהראוב ארבייטער יוניאן לאקאל 91 האט אונטערגעשריבען דעם נייעם אגרימענט מיט דער אסאסיאיישאן פון די בעלי בתים אין טרייד. דער אלטער אגרימענט איז אויסגעגאנגען דעם ערשטען יאנואר.

די ארבייטער האבען אין דעם נייעם אגרימענט געקראגען א העכערונג אויף די שכירות. די שטיק ארבייטער קריגען געהעכערט די פרייזען פאר דער ארבייט מיט פינף פראצענט און די וואך ארבייטער קריגען א העכערונג פון איין דאלער א וואך אויף זייערע שכירות. די העכערונגען וועלען די ארבייטער קריגען פאר דער ארבייט וואס זיי האבען געמאכט פון דעם ערשטען יאנואר אן, ווען דער אלטער אגרימענט איז אויסגעגאנגען.

וויס פרעזידענט הערי גרינבערג, מענעדזשער פון לאקאל 91, האט דעם אגרימענט אונטערגעשריבען פאר דער יוניאן נאכדעם ווי א גענעראל מעמבער מיטינג האט גוטגעהייסען דעם נייעם אגרימענט.

דער נייער אגרימענט איז פאר צוויי יאר, ביז יאנואר 1941. אלע אנדערע באדינגונגען בלייבען די זעלביגע ווי אין דעם אלטען אגרימענט. א 40 שטונדען וואך, א וואך וואקיישאן מיט פעי פאר אלע ארבייטער, צי זיי האבען א דזשאב אין דער צייט אדער ניט; מינימום סקיילס פון 13 דאלער א וואך פאר פלאר גוירלס, 14 דאלער א וואך פאר פרעסערס און 15 דאלער א וואך פאר אפערייטארס און שיפינג קלוירקס.

נאכדעם ווי דער אגרימענט איז באנייט געווארען, האט די יוניאן זיך גענומען צו די אפען שאפס וואס געפינען זיך נאך אין דעם טרייד. די ערשטע האט די יוניאן גערופען סטרייקס געגען צוויי פירמעס וועלכע באשעפטיגען ארום צוויי הונדערט ארבייטער. די צוויי שעפער זיינען די „לעיברא מאנופעקטשורינג קאמפאני" פון ניו יארק און „מעקס אולמאן קאמפאני" פון ברוקלין. ווי וויס־פרעזידענט גרינבערג מעלדעט, שטייען ביידע סטרייקס אויסגעצייכענט. דורך דער קאאפעראציע פון וויס־פרעזידענט הערי וואנדער, האט דער איסטערן אוט או טאון דעפארטמענט אפגעשטעלט די ארבייט אין אולמאנ׳ס שאפ אין קינגסטאן ניו־יארק, און אין דעם לעיברא קאמפאני שאפ אין קינסבורג, ניו דזשוירזי. די ארבייט פאר די ביידע פירמעס איז פאלקאם אפגעשטעלט.

## באסטאן און נאוועלטי ארבייטער יוניאן דיסציפלינירט יוניאן ברעכער

א מיאוס׳ער פארזוך פון עטליכע אומפאראנטווארטליכע פארשוינען צו פארכאפען מיט געוואלד דעם אפיס פון דער באטן און נאוועלטי ארבייטער יוניאן לאקאל 132 איז שנעל צוריקגעשטויסען געווארען און א פארזאמלונג פון די מיטגלידער האט די האנדלונג פארדאמט און באשלאסען צו דיסציפלינירען די, וואס האבען זיך באטייליגט אין דעם יוניאן־ברעכערישען אקט.

פארגעקומען איז די געשיכטע דאנערשטאג דעם 26־טען יאנואר. א פאר מענשען, אנגעהעצט פון אן אויסגעשלאסענעם מעמבער פון לאקאל, אונטער׳ן איינפלוס פון א מאכער אין דער באסעס אסאסיאיישאן, האבען זיך אריינגעריסען אין אפיס פון דער יוניאן און האבען זיך דארט פארבאריקאדירט. עקזעקוטיוו סעקרעטערי פרעדעריק אמהעי איז געקומען מיט פאליציי און האט די איינברעכער ארויסגעווארפען פון אפיס.

די פארזאמלונג פון די מיטגלידער פון לאקאל איז אדרעסירט געווארען פון פרעזידענט דובינסקי און דעם לאקאל מענעדזשער מארטין פעלדמאן. פרעזידענט דובינסקי האט ערקלערט אז די אינטערנעשאנעל שטייט הינטער דער אדמיניסטראציע און אז די פאר וואס האבען געוואלט פארכאפען דעם אפיס זיינען געצייג אין די הענט פון דעם סעקרעטער פון דער באסעס אסאסיאיישאן און פון אן אויסגעשלאסענעם מעמבער פון דער יוניאן. פעלדמאן האט אנגעוויזען, אז דאס איז די זעלבע חברה וואס האבען געזוכט צו קריגען א טשארטער פון דער סי. אי. א. פאר א דואל יוניאן אין טרייד. מארטין האט אויך אנגעוויזען אז די חברה האט זיך געזוכט צו באנוצען מיט

דער ארבייטסלאזיגקייט אין קאווערד באטאן טרייד, וואס
איז א רעזולטאט דערפון וואס די זיפערס זיינען ארי
אין דער מאדע און עס איז כמעט קיין ארבייט נישט
ביי די באטאנס, אויפצוהעצען די פארביטערטע ארביי
טער געגען דער יוניאן. פעלדמאנ׳ס רעקאמענדאצי
צו דיסציפלינירען די וואס האבען זיך באטייליגט אי
דעם איבערפאל אויפ׳ן אפיס איז אויפגענומען געווארע
פון די מיטגלידער מיט אפלאדיסמענטען.

## ארגאניזאציאנס קאמפעין אין ניו־דזשוירזי און לאנג איילענד נאוועלטי שעפער.

די באטאן און נאוועלטי ארבייטער יוניאן פירט איצ
אן א שטארקען ארגאניזאציאנס קאמפיין אין די פלאסטי
שעפער אין ניו דזשוירזי און לאנג איילענד. דער טיי
פון דער אינדוסטרי אין ניו יארק איז איצט פעסט אר
גאניזירט.

דער קאמפיין ווערט אנגעפירט צווישען די ארבי
טער פון דעם טרייד אין וועסט ניו־יארק, דזשוירזי סיטי
נוארק און אירוווינגטאן. סיידי רייך און עריק ראסס פו
די אינטערנעשאנעל לאקאלס אין נוארק, העלפען די פי
רער פון די באטאן ארבייטער יוניאן אין דעם קאמפיי

## וויס־פרעזידענט אנטאניני אפגע פארען נאך אורוגוואי

פרייטאג, דעם 24טען פעברואר, איז וויס־פרעזידענ
לואידזשי אנטאניני אפגעפארען נאך מאנטעווידעא, או
ראגוואי, צו פארטרעטען די אמעריקען לעיבאר פא
טי ביים אל־אמעריקאנער קאנפערענץ פון טרייד יוניא
און ארבייטער פארטייען צו באקעמפען דאס אריינדרינג
פון פאשיזם און נאציזם אין דער נייער וועלט.

אנטאניני האט זיך געזעגענט מיט דער באוועגו
פאר זיין אפפאר ביי דריי צוזאמענקונפטען. דער גרע
טער און איינדרוקספולסטער צוזאמענקונפט איז געוו
ביים דינער וואס די אמעריקען לעיבאר פארטי הא
ארגאנזירט דאנערשטאג אוונט, אין מאנהעטען סענט
ארום צוויי טויזענד מענשען זיינען געקומען צום דינ
דארט זיינען געווען פארטראטען אלע קלובען פון ד
א. ל. פ. און א באדייטענדע צאל יוניאנס. גענאסע ע
שלעזינגער איז געווען טאוסטמייסטער. צווישען ד
פראמינענטע רעדנער דעם אוונט זיינען געווען פר
דובינסקי; אלעקס ראוז, סעקרעטאר פון דער לעיב
פארטיי; עלענאר מ. הערריק און ראוז שניידערמאן.
וויכטיגסטע רעדע האט געהאלטען פראפעסאר א.
בוירעל, אסיסטענט, סעקרעטערי אוו סטעיט. ער ה
ערקלערט, אז די רעגירונג איז צופרידען וואס אנטאני
פארט צו דער קאנפערענץ. פריינדשאפט צווישען
פעלקער פון דעם אמעריקאנער קאנטינענט איז זיי
וויכטיג, — האט ער געזאגט, — און אום פריינדשא
זאל זיין מעגליך, מוז מען זיך פארשטיין איינער ד
צווייטען.

דער עהרען גאסט פון אוונט, אנטאניני, האט ב
דאנקט די פארזאמעלטע. באגריסונגס טעלעגראמען
נען ערהאלטען געווארען פון גאווערנאר לעהמאן, ס
נאטאר וואגנער און מעיאר לאגוארדיא.

אויף מארגען, פרייטאג בייטאג, האט די דרעס דזשא
באארד ארגאנזירט א לאנטשאן אין האטעל מעקאל
ביי וועלכען די פירער פון דער דרעס דזשאינט בא
און די דרעס לאקאלס און א צאל פערזענליכע און
ענטע פריינד האבען גענומען אפשייד פון אנטאניני׳ן
זיין פרוי אידער זיי זיינען אפגעפארען צום שיף.
דער געלעגענהייט זיינען געהאלטען געווארען בלויז
רעדעס, וויס־פרעזידענט דזשוליוס האכמאן און ד
עהרען־גאסט, אנטאניני. האכמאן האט שטארק געלוי
אנטאניני׳ס ארבייט און דערגרייכונגען, זיין מוט אין ב
קעמפען דעם פאשיזם און האט אויסגעדריקט די זיכע
קייט אז זיין ארבייט ביים קאנפערענץ וועט זיין
גרויסען נוצען אין דעם קאמף געגען דעם פאשיסטי
און נאצי איינפלוס אין אמעריקע. אנטאניני האט אלע
באדאנקט און גערעדט וועגען דער וויכטיגקייט פון ד
קאנפערענץ אין דער איצטיגער צייט.

א גרויסע צאל פון די פארזאמעלטע האבען אנטאני
און זיין פרוי באגלייט צום שיף.

# אויפ'ן דרעסמאכער פראנט

פון נ. ב. מינקאף

### עס ווערט א ביסעל לעבעדיגער אין טרייד



ס וואלט געוויס געווען א סך מער אנגענעם צו שרייבן, אז „עס איז ביזי ביי דרעסעס". לײדער האלט עס נאך ניט דערביי. אמת, ביי די בעסערע ליינס איז דא געגנוג ארבייט, דערפאר איז אבער זעהר שוואך ביי די ביליגערע ליינס און די הויפט צרה איז וואס די גרעסטע מערהייט פון אונזערע מיטגלידער זיינען פארבונדן מיט די ביליגערע ליינס.

מעגליך, אז מיר פארגעסן פון איין סיזאן ביז דעם צווייטן, אז דער מאנאט פעברואר איז בלויז דער אנפאנג פון ספרינג סיזאן און ניט דער עכטער ברען פון סיזאן. ווי די מעשה זאל ניט זיין, טויג עס ניט. עס איז שווער און עס ווערט אלץ שווערער צו מאכן א לעבן ביים דרעס־טרייד. איבערהויפט איז עס שווער פאר די אמאליגע פאכלייט און פאמיליען־לייט — די וועלכע דארפן ערנערן א פאמיליע.

צום גליק, באווייזן זיך סמנים פון האפנונג פאר אט דעם קלאס דרעסמאכער. דאס מערקט זיך צו ביסלאך היינטיגן סיזאן. בעלי־בתים טענה'ן, אז זיי האבן שוועריגקייטן צו קריגן אן אמת גוטן בעל־מלאכה, איינעם וועלכער קען טאקע מאכן א גארמענט, ווי מען האט עס געטאן מיט עטליכע יארן צוריק. אט דער טיפ דרעסמאכער לײדט אם שטארקסטן זייט דרעסמאכעריי איז געווארן א מאסן־פראדוקציע אינדוסטריע. די טענדענץ אין פארלויף פון די לעצטע 6 יאר איז צו לייגן דעם טראפ אויף קוואנטיטעט און ניט קוואליטעט. אין אנדערע ווערטער: „אויב דו קענסט ניט מאכן א 15—20 שטיקלאך ארבייט א טאג, ביזטו ניט קיין בעל־מלאכה". נאטירליך, דורך דעם וואס די צייט האלט אן שלעכט, פארלאנגען די בעלי־בתים ניט נאר אז מען זאל „פראדוצירען" נאר מען באשטייט אויך, אז די ארבייט מוז זיין גוט געמאכט. דער אמת איז אבער, אז דער שנעלסטער בעל־מלאכה איז ניט אלע מאל דער בעסטער. דורך דער צייט זיינען טאקע אויך א סך פון די בעסערע בעל־מלאכות פארוואנדלט געווארן אין „שנעלע הענט". וואס טויג דאס באצאקען זיך מיט א גארמענט, אז מען קען דערביי לעבן ניט מאכן? זיינען אבער די פרויען קליגער געווארן אויף דער עלטער, זיי זעהען זיך ארום אז ניט אלעס וואס עס איז ביליג איז טאקע א „בארגיין". די וועלכע קויפן יע א דרעס, זיינען גרייט צו לאזן זיך קאסטן א ביסעל מעהר. און אזוי ארום וועט נאך אפשר דרעס־מאכעריי צוריק ווערן, מיט דער צייט, א טרייד וואו גענויקייט און געשולטקייט וועט ריכטיג אפגעשאצט ווערן און מענשן וועלן אנפאנגען צוריק ארבייטן ווי מענשן דארפן ארבייטן און מאכן א לעבן.

### א הילפס פאנד פאר ארבייטסלאזע דרעסמאכער

ווי עס איז שוין אנאנסירט געווארן אין דער טעגליכער פרעסע, האבן קרוב צו 8 טויזענט מיטגלידער פון לאקאל 22, ביי זייערע דיסטריקט מיטינגען וועלכע זיינען אפגעהאלטן געווארן מיט 4 וואכן צוריק, באשלאסן צו שאפן א צייטווייליגן פאנד לטובת זייערע ארבייטסלאזע, נויט־באדערפטיגע מיט־ארבייטער.

לויט דעם באשלוס, וועט יעדער מיטגליד פון לאקאל 22, וועלכער איז פארבונדן מיט א שאפ, דארפן ביישטייערן 10 פראצענט פון זיינע אדער אירע פארדינסטן פאר א משך פון צוויי וואכן, צום גונסטן פון דעם פאנד. דאס מיינט, אז די קלינערין, וועמעס שכירות זיינען 16 דאלאר א וואך, וועט דארפן ארונגעבן 1 דאלאר מיט 60 סענט א וואך פאר 2 וואכן צייט און דער אפרייטאר וועלכער האט, למשל, פארדינט די באטרעפענדע וואך 40 דאלאר און די צווייטע וואך 43 דאלאר, וועט ארונטערגעבן 4 דאלאר די ערשטע וואך און 4 דאלאר מיט 30 סענט די צווייטע וואך.

אונז שיינט, אז דאס איז א יושר'דיגער צוטריט. די, וועלכע פארדינען מער, וועלן ביישטייערן א גרעסערע סומע, און די וועלכע פארדינען ווייניגער, וועלן שטעלן א קלענערע סומע. מען האפט, אז אונטער גינסטיגע אומשטענדן זאל דער פאנד האבן אן איינקונפט פון ארום 125 טויזענט דאלאר.

די השגחה איבער דער אויסצאלונג פון די געלדער וועט האבן א קאמיטע באשטייענד פון פארשטייער פון אלע 7 דיסטריקטן צוזאמען מיט א פארטרעטערשאפט פון דער לאקאלער עקזעקוטיוו באארד. אזא קאמיטע, וועלכע וועט ווארשיינליך באשטיין פון איבער 20 מענשן, איז די בעסטע פארזיכערונג אז דער פאנד וועט פארוואלטעט ווערן מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט און פריי פון אירגענד וועלכן חשד פון פארטייאישקייט.

עס וועט פילייכט ניט זיין איבעריג ווען מיר זאלן טאקע דא באטאנען, אז דאס איז ניט קיין ארבייטסלאזיגקייט־פארזיכערונגס פאנד. דאס איז ניט קיין אינשורענס־פאנד. דאס איז א הילפס־פאנד. עס איז איבעריג צו דערמאנען, אז צווישן א הילפס־פאנד און א פארזיכערונגס־פאנד איז דא גאר א גרויסער אונטערשייד. דער ערשטער זוכט צו העלפן די יעניגע וועלכע געפינען זיך אין נויט, דער צווייטער צאלט פון פאראויס־באשטימטע בענעפיטס ניט קוקענדיג צי דער אפליקאנט איז נויט־באדערפטיג אדער ניט. מיר ווייסן, אז עס וועלן זיין גענוג שוועריגקייטן ביים אויפמאנען אזוי גוט ווי ביים אויסצאלן דאס געלט. מיר פארשטייען אויך, אז ביי די איצטיגע קלעגליכע פארדינסטן וועט אפילו די קליינע ביישטייערונג פאר 2 וואכן צייט פאלן שווער אויף פילע מיטגלידער. עס איז אבער די הייליגע פליכט פון יעדן ארבייטענדן לאקאל 22 מיטגליד צו העלפן יענע מיטגלידער, וועלכע האבן צוליב איינער אדער אן אנדער סיבה פארלארן זייערע פלעצער און געפינען זיך אצינד אין נויט.

זאל דא געזאגט ווערן, אז הגם אנדערע לאקאלן, ווי, צום ביישפיל, לאקאל 35, 60 און 117, האבן שוין אנגענומען די זעלבע שריט צו העלפן זייערע ארבייטסלאזע מיט א יאר און צוויי צוריק, איז אבער די ארט און וויזע ווי אזוי די געלדער ווערן אויפגעמאנט און אויסגעצאלט אנדערש, לויט די ספעציעלע אומשטענדן פון יעדן לאקאל באזונדער. דער עצם פרינציפ איז אבער דער זעלבער, נעמליך — טיילן זיך מיט דעם ביסעל וואס מיר האבן מיט די פון אונזערע שוועסטער און ברידער וועלכע האבן גארניט.

פרעגט אונז ניט, ליבער לעזער, הלמאי זאל עס אזוי זיין? הלמאי זאל ניט די אינדוסטריע אדער די רעגירונג, אדער ביידע צוזאמען באזארגן די וועלכע זיינען ארבייטסלאז מיט חיונה? הלמאי זאלן די מישטוינס געזאגטע „גליקליכע" דרעסמאכער, וועלכע האבן דזשאבס און מאכן קוים א לעבן, דארפן ארונטערגעבן פון זייערע קלעגליכע פארדינסטן? אונז שיינט אז איר קענט אליין געפינען א תירוץ אויף אט די קשיות.

### די טראקס מכה

מיט איניגע מאנאטן צוריק האט וויס־פרעזידענט דזשיי. העלער אפגעדרוקט א ליד אין אונזער „גערעכטיגקייט" אונטער'ן נאמען: „סלעק איז ווייטער דא". ברודער העלער האט אויף זיין אייגנארטיגן שטייגער געשילדערט די לאגע פון די קלאוקמאכער און די טרויעריגע ראליע וואס עס שפילן דערביי די „טראקס". אט זיינען עטליכע שורות פון דעם דערמאנטן ליד:

ווי קענט איר גאר ערווארטען קלאוקס
מיט אזעלכע לאנגע טראקס?
סלעק איז דא.
ווילט איר קלאוקס,
פארטרייבט די טראקס!

אונז איז די ליד שטארק געפעלן געווען. ערשטענס, איז זי טאקע שיין צוזאמענגעשטעלט און, צווייטענס — און דאס איז דער עיקר — האט עס געמאלן א פארביגע בילד, וועלכע האט בולט כאראקטעריזירט די רואינע, וואס די נייע אנטוויקלונג האט געבראכט די קלאוקמאכער.

מיר צווייפלען אויף וויפיל פון דאס ביסעל פארגויאישטע דרעסמאכער, וועלכע לייענען די „גערעכטיגקייט", האט די ליד געמאכט דעם זעלבן איינדרוק וואס זי האט געמאכט אויפ'ן שרייבער פון די שורות. עפעס האבן די דרעסמאכער באטראכט די טראקס אלס א ספעציעלע קלאוקמאכער מגפה. אצינד אבער הויבן אויך די דרעסמאכער אן צו באגרייפן וואס פאר א שאדן, וואס פאר א כאאס דער „פערדלאזער וואגען" האט פאראורזאכט אין דרעס־טרייד.

אנגעהאנגען האט זיך אט דער נייעסטער „קאנסער" אויפ'ן קערפער פון דעם קלאוק און דרעסמאכער אויף א זייער איינפאכן אופן. אמאל, ווען דער אויטאמאביל איז נאך ניט געווען אזוי שטארק אין דער מאדע, האט מען זיך באנוצט מיט א פערד און וואגען און אן עקספרעסמאן צו פירן ווארעס און פארטיגע בגדים פון דזשאבער צום קאנטראקטאר און פון קאנטראקטאר צוריק צום דזשאבער אדער מאנופעקטשורער. מיט דער ארבייט האבן זיך באשעפטיגט געוויינליכע בעל־עגלות, וועלכע האבן ניט געוואוסט פון קיין רחמנות אויף זיך אליין און האבן געארבייט שווער אויף א לעבן צו מאכן. מיט דעם וואוקס פון דער אינדוסטריע און מיט דער אלגעמיינער אנטוויקלונג אין פארקער־מיטלען, נעמט דער אויטאמאביל־טראק איבער די ארבייט פון דעם פערד־און־וואגען, און אזוי ווי מען קען אפפירן ביליגער מיט עטליכע טראקס ווי מיט איין טראק, ווערט דאס באלד פארוואנדלט אין א גרויסע ביזנעס. מיט דער צייט שארן זיך צו אט דער ביזנעס צו שאכער־מאכערס וועלכע זעהען דעריבער גרויסע מעגליכקייטן. דאס פירן די קלאוקס און דרעסעס גופא ווערט בלויז א בייזאך, דער עיקר פון די ביזנעס איז קריגן די ארבייט געמאכט פאר די דזשאבערס. דא ווערט שוין דער טראק־מאן דער גאנצער פאדריאטשיק. ער שטעלט צו קאנטראקטארס, ער מאכט פרייזן, מיט איין ווארט — ער איז דער פאלקאמענער בעל־הבית. דער סקעב און דער סוועט־שאפ ווערן דערביי צוריק אויפגעלעבט.

נאטירליך, פירט אזא צושטאנד צו א פארניכטונג פון יוניאן־סטאנדארדס און יוניאן־באדינגונגען. א יוניאן דזשאבער וועלכער היט אפ זיין אפמאך מיט זיין אסאסיאיישאן און מיט דער יוניאן וועט ניט צושטיין צו אזא מין בוטלעג־ביזנעס. זיינען אבער דא א היפשע צאל דזשאבערס, וועלכע האבן אלע מאל פארבראכן געגען זייערע אפמאכן מיט דער יוניאן. די לעצטע האבן דאס געמאכט יד־אחת מיט א צאל פון די גרעסערע טראק־אייגענטימער, וועלכע האבן ארייגעשלעפט אלס שותפים מיאוס'ע פארשוינען, וועלכע זיינען אין אונזער טרייד באקאנט אונטער אן אנדער נאמען, און צוזאמען ווערט אנגעפירט אן אפענער און פארביסענער קאמף אויפ'ן חשבון פון די לעדזשיטימייט בעלי־בתים און דער דרעסמאכער יוניאן.

זאל דא געזאגט ווערן, אז ניט אלע טראק־הייזער זיינען פארמישט אין דער טונקעלער ביזנעס. עס זיינען דא א סך ערענטליכע אייגענטימער פון טראקס, וועלכע פירן אן א ראיעלן געשעפט און די לײדן ניט ווענ־יגער פון די ארבייטער דורך די לעצטע פאסירונגען אין טרייד.

דעריבער פירט איצט אן די דרעס דזשאינט באארד א גרויסן קאמפיין געגען דער טראק־מגפה. א ריזיגע דעמאנסטראציע איז דורכגעפירט געווארן אין דרעס־מארקעט לעצטן דינסטאג, אין וועלכער עס האבן זיך באטייליגט עטליכע צענדליג טויזענט מיטגלידער. די יוניאן איז אנטשלאסן אנצואווענדן יעדן מעגליכן מיטעל צו ברענגען די טראק־אינדוסטריע אונטער דעם אלגעמיינעם קאלעקטיווען אגרימענט, אונטער וועלכן עס אפערירט די דרעס־טרייד. מיר האבן אין דער פארגאנגענהייט באוויזן צו באזיגן גרעסערע און מער איינפלוסרייכע עלעמענטן אין טרייד. מיר וועלן זיך ספראווען מיט די טראק־אייגענטימער אויך!

### די קומענדע לאקאל 22 מיטינגען

פאלגענדע דיסטריקט מיטינגען פון לאקאל 22 וועלן אפגעהאלטן ווערן אין מאנאט מארטש:

מאנטאג, מארטש דעם 6טען — וועלן אין מאנהעטן אפערא הויז, 34טע גאס און 7טע עוועניו, מיטען די ארבייטער פון די אינסייד און קאנטראקטאר שעפער פון דער נעשאנאל אסאסיאיישאן.

דינסטאג, מארטש 7טען — וועלן אין סענטער האטעל, 43טע גאס און 6טע עוועניו, מיטען די ארבייטער פון דער אפיליאייטעד אסאסיאיישאן.

מיטוואך, מארטש דעם 8טען — וועלן מיטען די ארבייטער פון די אינסייד און אוטסייד שעפער פון דער פאפולאר אסאסיאיישאן.

דאנערשטאג, מארטש דעם 9טען — מיטען די פאלגענדע דיסטריקטען:

בראנקס — אין יוניאן אפיס, 505 טרימאנט עוו.

וויליאמסבורג: אמאלגאמייטעד טעמפעל, 11 אריאן פלייס.

בארא פארק — יוניאן אפיס, 3910 14טע עוועניו.

בראנזוויל — לייבאר לייסעאום, 219 סעקמאן סט.

אלע מיטגלידער ווערן אויפגעפאדערט צו באזוכן די מיטינגען און באקענען זיך גרינדליך מיט דער ארבייט און פראבלעמען פון דער יוניאן.

ארבייט. נאך א טאג סטרייקען איז דער בעל הבית וויכער געווארען. ניט נאר האט ער אונטערגעשריבען א נייעם אגרימענט מיט דער יוניאן, נאר ער האט נאך אויך געמוזט העכערען די ווידזשעס פון די ארבייטער מיט 12½ פראצענט.

## אונטערוועש שאפ אין מינעאפאליס סעטעלט נאך א סטרייק.

נאך לאנגע פארהאנדלונגען מיט דער וועסטערן אנדערוועער קאמפאני פון מיניאפאליס, זיינען די ארבייטער געצוואונגען געווען ארויסצוגיין אין סטרייק. דורך די פארהאנדלונגען האט די פירמע עטליכע מאל געביטען איר מיינונג. אט האט זיך אויסגעוויזען אז זי איז גרייט צו סעטלען און אט האט זי חרטה געהאט. די פארטרעטער פון דער יוניאן און די שאפ קאמיטע האבען איינגעזעהן אז עס איז נויטיג דער פירמע העלפען פאסען א באשלוס... אין מיטען טאג זיינען די ארבייטער געבליבען זיצען ביי די מאשינען מיט צענויפגעלייגטע הענט און קיין רעדעל האט זיך ניט געדרייט. ווען דאס האט ניט געהאלפען, זיינען די ארבייטער אוועק אין דער יוניאן און באשלאסען צו סטרייקען ביז דער באס וועט נאכגעבען די פאדערונגען. דער גאנצער שאפ איז ארונטער פון דעם העד־קאטער ביז צו די שיפינג־קלוירקס. נאך א סטרייק פון 10 טעג האט די פירמע אונטערגעשריבען אן אגרימענט פאר 2 יאר; געהעכערט די שכירות פון די מערסטע ארבייטער מיט 7½ פראצענט און עטוואס מער פאר די שיפינג קלוירקס. ברודער פינקעלשטיין, מענעדזשער פון די טווין־סיטיס דזשאינט באארד, האט אנגעפירט דעם סטרייק און די אונטערהאנדלונגען.

## פאראן ארבייטער וואס גלויבען נאך אין כישוף

אז אבערגלויבען איז נאך ניט אינגאנצען אפגעשטארבען אין דער ציוויליזירטער אמעריקע, ווייסען אלע. אבער אז עס קענען זיך נאך געפינען היינט צו טאג ארבייטער אין דער פרויען קליידער אינדוסטריע וואס האבען מורא צו גיין אויפ'ן פיקעט ליין, ווייל דער באס האט פאר'כישופ'ט דעם סייד־וואק ארום פאבריק, אזא זאך ווילט זיך קוים גלויבען. דאך איז עס א פאקט וואס עס האט פאסירט אין לארעדא און סאן־אנטאניא, טעקסעס, און באוויזט אן איבעריג מאל די שוועריגקייטען וואס יוניאן ארגאניזערס קענען ערווארטען אין זייער ארבייט אין אפגעשטאנענע געגענדען.

די געשיכטע, ווי מייער פערלשטיין דערציילט, איז פארגעקומען אויף פאלגענדען אופן:

די אינטערנעשאנעל האט דערקלערט א סטרייק געגען דער „טעקסעס אינפענטס וועאר" אין סאן אנטאניא. די ארבייטער האבען געפיקעט דעם שאפ גאנץ מוטיג. יעדען פרימארגען פלעגען זיי ארום מארשירען אויפ'ן פיקעט ליין ארום דער פאבריק. איין פרימארגען, צוקומענדיג צו דער פעקטארי, האבען אונזערע ארגאניזערס באמערקט אז די פיקעטס שטייען ארום פופצען פוס אוועק פון דעם אריינגאנג צו דער פאבריק און האבען זיך מורא צו רירען פון ארט. וואס די פירער פון דער יוניאן האבען זיך ביי זיי ניט צובעטען ניט צו שטיין אויף איין פלאץ, האט ניט געהאלפען. אפילו די פאליציי האט ניט געקענט פארשטיין וואס עס איז געשען מיט די סטרייקער. ענדליך האבען די סטרייקער זיך אנגעהויבען בעטען ביי די יוניאן ארגאניזערס, אז אויך זיי זאלען ניט צוגיין צו דער פאבריק, ווייל אימיצער האט פאר'כישופ'ט דעם פלאץ. זיי האבען מיט די פינגער אנגעוויזען אויף א קרייז, וואס איז געווען אנגעצייכענט אויפ'ן סייד־אק מיט א גרויע קרייט, און באהויפטעט אז ווער עס וועט איבערטרעטען דעם כישוף־צייכען וועט זיכער שטארבען. וויפיל אונזערע ארגאניזערס האבען זיי ניט ערקלערט, אז דאס איז נארישער אבערגלויבען, האבען זיי אלץ געטענה'ט: מיר ווילען ניט שטארבען".

אן ענליכע ערפארונג האבען די יוניאן ארגאניזערס געהאט אין לארעדא. אין דער ניטישין פירמע, מיט וועלכער די יוניאן האט אן אגרימענט, פלעגט אונזער ארגאניזער, מרס. ווילים, אלע מאל האבען קריגערייען מיט דער פרוי פון מאנופעקטשורער, מרס. ניטישין, וועלכע איז האט אקטיוו אין שאפ. צוויי מאל א וואך פלעגען די יוניאן ארגאניזערס פון סאן אנטאניא מוזען קומען אהין אויסצוגלייכען די סכסוכים צווישען די צוויי פרויען. ענדליך האט די יוניאן געווארענט דעם בעל הבית, אז

אויב ער וויל אויסמיידען טראבעל מיט דער יוניאן וועט ער מוזען אנזאגען זיין פרוי, אז זי זאל זיך אביסעל בעסער באנעמען. מיר האבען זיך אויך געשטעלט אין פארבינדונג מיט דער פירמע אין ניו יארק פאר וועמען ניטישין ארבייט און איר געווארענט אז זי זאל זיך אריינמישען און זען צו פארמיידען די שוועריגקייטען. נאך עטליכע וואכען האט זיך אלעס איינגעשטילט און די צוויי פרויען האבען זיך אויפגעהערט ארומרייסען צווישען זיך. ווען די מעקסיקאנער עמבראידערי ארבייטער האבען דערזען די געענדערטע באציאונגען צווישען זייער ארגאניזער און באלעבאסטע, האבען זיי באשלאסען אז ניט אנדערש נאר די באלעבאסטע האט אפגעטאן א כישוף זייער ארגאנייזערין. כדי בייצוקומען דעם כישוף, האבען זיי באשלאסען שיקען זייערע א קאמיטע נאך מעקסיקא צו ברענגען געוויסע גראזען און בלומען און א שטארקען פראשעק אזא, וועלכ ע וועלען זיכער בייקומען דעם כישוף וואס די באלעבאסטע האט איר אפגעטאן... די שכירות פון די מעקסיקאנישע פרויען ארבייטער זיינען זייער נידעריג און דאך האבען זיי אויסגעגעבען זייער שווער פארהארעוועטע פענים צו שיקען א קאמיטע נאך מעקסיקא צו ראטעווען זייער ארגאנייזערין פון דעם כישוף פון דער באלעבאסטע.

## קריסטליכע דרעסמאכערין שיקט לעצטען דאלאר פאר די היטלער־קרבנות מיט א רירענדען בריוו

אן ארבייטסלאזע דרעסמאכערין, א קריסטין פון דעקעיטאר אילינאי, האט צוגעשיקט צו פרעזידענט דובינסקי א בייסטייערונג פון איין דאלאר, ווארשיינליך דעם איינציגען דאלאר וואס זי האט פארמאגט, פאר די קרבנות פון נאציזם. דער דאלאר איז באגלייט געווען פון א רירענדען בריוו, אין וועלכען די שרייבערין דריקט אויס אירע געפילען פון מיטלייד צו די קרבנות, וועלכער איז ווערט פארעפענטליכט צו ווערען. זי שרייבט:

„טייערער פרעזידענט דובינסקי:

„איך שליס איין איין דאלער וואס איך בעט אייך צולייגען צום רעפיודזשי פאנד וואס עס ווערט געזאמעלט צו העלפען די אונטערדריקטע און ליידענדע מענשען, וועלכע זיינען געצוואונגען געווארען צו אנטלויפען פון זייערע היים־לענדער דורך דיקטאטארישע רעגירונגען. ברודער רופער, אין א רעדע צו אונזערע מיטגלידער דעם 6טען יאנואר, האט אונז באריכטעט אז אזא פאנד ווערט געזאמעלט און אויסגעדריקט די האפענונג אז אונזער לאקאל וועט עטוואס בייסטייערען פאר דעם פאנד. ווי איר ווייסט ווארשיינליך, האבען אונזערע מיטגלידער לעצטענס א שווערען קאמף צו באזארגען זיך מיט דאס נויטיגסטע. ווען איך האב גערעדט וועגען דעם פאנד מיט איינער פון אונזערע באאמטע, האט זי מיר געזאגט, אז זי גלויבט ניט אז עס איז ראטזאם איצט צו בעטען אונזערע מיטגלידער פאר נייע בייסטייערונגען נאכדעם ווי מיר האבען ערשט ניט לאנג צוריק זיי געבעטען בייסטייערונגען פאר דעם פרעזידענט'ס געבורטסטאג באל און פאר א פאר לאקאלע בייסטייערונגען, וועלכע מיר האבען געפילט אז מיר מוזען העלפען.

איך האב אבער עפעס. באין אופן ניט געקענט זיך ארויסשלאגען פון געדאנק אט דעם פאנד און די ליידען פון די אומגליקליכע מענשען. ווי קלאר געדענק איך די פארפלייצונג אין אהייא טאל מיט א שטיקעל צייט צוריק! מיין משפחה האט געוואוינט אין דעם פארפלייצטען געגענד, אין סינסינעטי און לואיוויל, און מיין איידעם האט זיך דעמאלט געפונען אין פאדוקא. מיר האבען פון זיי גאר ניט געהערט און ניט געקענט זיי אריבערשיקען דעם מינדסטען ווארט. איך געדענק ווי איך בין געזעסען א גאנצע נאכט זיך איינהערענדיג אויף דער ראדיא און ווען איך האב געהערט אז אונזער אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן האט בייגעשטייערט א באדייטענדע סומע געלט צו העלפען די קרבנות פון דער פארפלייצונג; איך געדענק ווי שטאלץ איך האב זיך געפילט צו באלאנגען צו אן ארגאניזאציע וועמעס פירער עס זיינען פון דעם סארט וואס דערזעהען ווען שנעלע האנדלונג איז נויטיג און האנדלען גלייך.

„עס טוט מיר זייער לייד, וואס איך קען ניט בייסטייערען מער. עס האט אבער אזוי פאסירט

## קינסטליכע בלומען־ארבייטער געווינען סטרייק.

דער סטרייק וואס די ארטיפישעל פלאוער ווארקער
יוניאן לאקאל 142 האט אנגעפירט געגען „אייבערהע
גערסטענצווייג אינקא." איז געסעטעלט געווארען נאך דע
פארהער פאר דער נעשאנעל לעיבאר רילעישאנס באארד.
ווי י. טובים, מענעדזשער פון לאקאל, גיט איבער, אי
דער סטרייק געסעטעלט געווארען אויף פאלגענדע באדינ
גונגען: די פירמע אנערקענט לאקאל 142 אלס די איינ
ציגע פארטרעטער פאר די ארבייטער אין קאלעקטיוו
פארהאנדלונגען. די יוניאן רופט גלייך צוריק דע
סטרייק, אלע ארבייטער ווערען צוריקגענומען צו דע
ארבייט ביז דעם 10טען פעברואר און די יוניאן גי
אויף יעדען קלעים פאר בעק פעי און ציט צוריק איר
קלאגען פאר דער לעיבאר רילעישאנס באארד; נאכדע
ווי די ארבייטער וועלען זיין צוריק אין די שעפער וועלע
געהאלטען ווערען קאנפערענצען צווישען דער יוניאן מי
דער פירמע איבער פראגען פון באדינגונגען און אל
פונקטען אויף וועלכע מען וועט זיך ניט קענען איניג
וועלען איבערגעגעבען ווערען צו ארביטריישאן. די פירמ
באשעפטיגט 125 ארבייטער. דער סטרייק האט גע
דויערט דריי וואכען.

## זעקס אינטערנעשאנעל פירע... אויף דער ווידזש קאמיסיע פא... דער פרויען קליידער אינדוסטרי...

דער פארהער וועגען די מינימום שכירות וו
זאלען באשטימט ווערען פאר די ארבייטער אין דע
קליידער אינדוסטריע אונטער דעם שטונדען שכירו
געזעץ, וועט זיך אנהויבען אין וואשינגטאן, מאנטא
דעם 6טען מארטש. בוירטאן, אפענהיים, הויפט פון דע
אינדוסטריע אפטיילונג, האט אויסגעשיקט בריוו צו 5
אסאסייאישאנס אין דער קליידער אינדוסטריע, איינלא
דענדיג זיי צו באטייליגען זיך אין די קאנפערענצען א
אויסדריקען זייער מיינונג וועגען דעם העכסטען מ
ליכען מינימום וואס קען איינגעשטעלט ווערען אין די
רע טריידס ניט שעדיגענדיג די אינדוסטריע. מר. אפע
היים האט אויך געלאזט וויסען אז אלע אנדערע ארג
ניזאציעס און יחידים וואס זיינען פארבונדען מיט דע
אינדוסטריע און ווילען אויסדריקען א מיינונג אדער צ
שטעלען באווייזע וועגען דער פראגע, קענען קומען א
זיי וועלען אויסגעהערט ווערען.

די קליידער אינדוסטריע. קאמיטע איז די צוויט
אינדוסטריעלע קאמיסיע וואס איז באשטימט געווארג
אונטער דעם שטונדען־שכירות געזעץ צו רעקאמענדירו
די מינימום סטאנדארדס פאר די ארבייטער אין די פא
שידענע אפטיילונגען פון די נאדעל טריידס. דער ק
מיטע איז געגעבען געווארען יוריסדיקציע אויף אל
סארטען קליידער, פאר מענער, פרויען און קינדע
אויסער געשטריקטע קליידער און העטס און מילינער

אנפאנג פעברואר האט די אלגעמיינע קאמיטע א
געהאלטען א ריי זיצונגען אין וואשינגטאן און האט ב
שטימט פיר סאב־קאמיטעס פאר די פארשידענע אפטי
לונגען צו שטודירען די פראגע פון מינימום שכירו
און מאקסימום שטונדען פאר יעדע אפטיילנג באזונדע
לויט די באדינגונגען און רעקאמענדירען נאכדעם
דער גאנצער קאמיטע און צום אדמיניסטרייטאר עלמ
פ. ענדריוס.

אויף דער סאב־קאמיטע פאר דער פרויען קליידע
אינדוסטריע זיינען באשטימט געווארען צו פארטרעט
די ארבייטער פרעזידענט דוד דובינסקי און פאלגענ
פינף פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנעל: די וויי
פרעזידענטען דזשוליוס האכמאן, מענעדזשער פון ד
דרעס דזשאינט באארד; איזידאר נאגלער, מענעדזש
פון דער קלאוק דזשאינט באארד; הערי גרינבערג, מ
נעדזשער פון די טשילדרען דרעס און הויז־דרעס ל
קאל 91; מאריס ביאליס, פון שיקאגא; עלייעס ר
בערג, מענעדזשער פון קאטאן גארמענט טרייד דעפאר
מענט פון דער אינטערנעשאנעל און מייער פערלשט

אז איך האב געארבייט אין דעם אין שאפ, א
וועלכען די סטרייקערס זיינען ניט צוריקגענומ
געווארען צו דער ארבייט און איך האב נאך ב
איצט ניט געקענט קריגען קיין ארבייט אין אז
דער שאפ. מיט בעסטען גרוס,
מעי ברידזשעס

# אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און אין דעם טרייד

פון לואיס ע. לאַנגער
סעקרעטאַר ניו יאָרק דזשאָינט באָארד קלאָוקמאַכער יוניאָן



י מעמבערס ווייסען שוין דורך זייערע לאָקאַלס, אַז די דזשאָינט באָארד האָט אָנגענומען אַ פּלאַן וועגען איינפירען אַ נייע פאָרמע פון אינדוסטריעלען קאָנטראָל.

איך פאַנג אָן דעם איבערבליק אין דער היינטיגער „גערעכטיגקייט" מיט דער פראַגע, ווייל, ניט אַכטענדיג דאַרויף וואָס דער פּלאַן איז דיסקוטירט געוואָרען ביי די לאָקאַלע מיטינגען און מעמבערס האָבען זיך צוגעהערט צו דער דיסקוסיע, איז דאָך דאָ אַ צאָל מעמבערס וועמען דער פּלאַן איז אין גאַנצען ניט קלאָר. איך דרינג עס פון דעם וואָס זיי רעדען צו מיר וועגען דעם פּלאַן.

קומט אַ מעמבער און לויבט דעם פּלאַן ביזן זיבעטען הימעל און זאָגט, אַז אַזאַ פּלאַן האָט נאָך די דזשאָינט באָארד באַדאַרפט אָננעמען מיט יאָרען צוריק, ווייל אַ פּלאַן לויט וועלכען די מאַנופעקטשורערס און דזשאַבערס, וועלען ניט מער קענען שיקען זייער אַרבייט אין ברוקלין אָדער אויט־אָוו־טאַון, איז אַ גן עדן פּלאַן.

פרעגענדיק אים ווער עס האָט עס אים ערקלערט, ענטפערט ער, אַז ער האָט דאָס געהערט אין סטריט, וואו די קלאָוקמאַכער קומען זיך צוזאַמען.

קומט אַ צווייטער מעמבער און, זאָגט, אַז דער פּלאַן וועט ניט זיין קיין ערפאָלג. ער בויט זיין השערה אויף די פריערדיגע פלענער וואָס די דזשאָינט באָארד האָט אָנגענומען. ער טענה'ט אַז אַזוי ווי די פריערדיגע פלענער האָבען ניט געבראַכט דעם ערוואַרטעטען ערפאָלג אָפּצושטעלען דאָס וואַנדערען פון באַנדעל, וואָרום זאָל דער איצטיגער פּלאַן זיין אַן ערפאָלג?

דער אמת איז: עס איז ניט ריכטיג אַז די פריערדיגע פלענער זיינען ניט געווען קיין ערפאָלג. יעדער פּלאַן וואָס די דזשאָינט באָארד האָט אָנגענומען צו קאָנטראָלירען דעם טרייד, האָט געבראַכט רעזולטאַטען אין דער צייט וואָס עס איז אָנגענומען געוואָרען. ווען אַ נייע פאָרמע פון קאָנטראָל ווערט פאָרגעשלאָגען איז דאָס ניט דערפאַר ווייל די אַלטע פלענער זיינען גלייך ניט געווען גוט גענוג. זיי האָבען בלויז אויפגעהערט צו ווירקען ווען די מאַנופעקטשורערס האָבען אויסגעפונען „סקימס" ווי אַרום זיי אונטערצוגראָבען. מיט דער צייט וועלען די מאַנופעקטשורערס וואַרשיינליך אויך אויסגעפינען אַ „סקים" ווי אַזוי אונטערצוגראָבען דעם איצטיגען פּלאַן, און די יוניאָן וועט אויך דעם פּלאַן דאַרפען ענדערען.

וועט דער נייער פּלאַן, ווי מאַנכע מעמבערס דענקען, צוריקברענגען די אַרבייט פון די אויט־אָוו־טאַון און ברוקלינער שעפּער קיין ניו יאָרק? די וועלכע האָבען פאָרגעשלאָגען דעם פּלאַן זיינען ניט קיין טרוימער. זיי ווייסען אַז אין יענע שעפּער אין די אַנדערע טעריטאָריעס אַרבייטען אויך אונזערע יוניאָן מעמבערס און אויך זיי זיינען באַרעכטיגט צו לעבען.

וואָס איז דער תוך פון דעם פּלאַן? דער פּלאַן איז אַז אום אָפּצושטעלען די אינערליכע קאָנקורענץ צווישען דעם ניו יאָרק שאָפּ און די שעפּער פון די אַנדערע טעריטאָריעס וואָס באַלאַנגען צו איינעם און דעם זעלבען דזשאַבער, זאָל דערזעלבער ביזנעס אַגענט, וועלכער קאָנטראָלירט דעם דזשאַבער'ס שאָפּ אין ניו יאָרק, אויך קאָנטראָלירען זיינע שעפּער אין די אַנדערע טעריטאָריעס. די וועלכע זיינען פאַר דעם פּלאַן גלויבען אַז מיט דעם וואָס אַלע שעפּער פון איין דזשאַבער וועלען קאָנטראָלירט ווערען פון איין פּערזאָן, וואו זיי זאָלען זיך ניט געפינען, וועט די אינערליכע קאָנקורענץ צווישען די שעפּער פון דעם דזשאַבער ביז אַ גרויסער מאָס פאַרקלענערט ווערען, און דורך ערליכע קאָנקורענץ וועלען די באַנדעלס ניט קייקלען זיך מיט אַזאַ אימפּעט ווי זיי קייקלען זיך אין איצטיגען מאָמענט.

דער פּלאַן, ווי ער איז אָריגינעל פאָרמולירט געוואָרען, איז געענדערט געוואָרען וואָס אַמבאַלאַנגט די שעפּער אויט־אָוו־טאַון. אָבער די ענדערונג וועט ניט הינדערען דעם קאָנטראָל. טראָץ דעם וואָס די קאָסטען פון אויפהאַלטען דעם אויט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט וועט ווייטער געדעקט ווערען פון דער אינטערנעשאַנאַל ווערט דער דעפּאַרטמענט אַ דיסטריקט אָפיס פון דזשאָינט באָארד און דער גאַנצער סטעף פון דעם דעפּאַרטמענט ווערט געשטעלט אונטער דער דירעקטער השגחה פון דער דזשאָינט באָארד, מיט דאָס רעכט אַפילו צו בייטען מענשען ווען עס זאָל זיך אַרויסצייגען אַז זיי זיינען ניט קאָמפּעטענט אָדער זיי פאַרנאַכלעסיגען די אַרבייט. דער דעפּאַרטמענט וועט אין דער צוקונפט דאַרפען נעמען די אָרדערס פון דעם דזשאָינט באָארד אָפיס און וועט ניט האַנדלען זעלבסטשטענדיג אין פראַגען וואו עס רירט אָן באַדינגונגען אין אַ שאָפּ פון אַ געוויסען דזשאַבער וועלכער האָט אויך שעפּער אין ניו יאָרק אָדער אין ברוקלין.

עס איז פאַרשטענדליך אַז איבער דעם וואָס דער פּלאַן איז פאַרבונדען מיט פילע שוועריגקייטען, האָט עס אַרויסגערופען מיינונגס־פאַרשידענהייטען, אין דער פראַגע ווי דער פּלאַן זאָל אָנגעווענדעט ווערען. אַלע זיינען אין פּרינציפּ איינשטימיג אַז איינהייטליכער קאָנטראָל דאַרף איינגעשטעלט ווערען. אָבער מאַנכע דענקען אַז ווייל דאָס איז אַן עקספּערימענט זאָל דער עקספּערימענט צוערשט געמאַכט ווערען בלויז אויף אַ באַגרענעצטער צאָל דזשאַבערס, וועלפע האָבען שעפּער אין ניו יאָרק און אין אַנדערע טעריטאָריעס. זיי זיינען ערליך אין זייער מיינונג. זיי גלויבען ניט אַז דער ביזנעס אַגענט, וועלכער קאָנטראָלירט אַ דזשאַבער וועלכער האָט שעפּער אין ניו יאָרק און אויסער ניו יאָרק, וועט קענען געהעריג אַטענדען צו דער גאַנצער אַרבייט. זיי באַגרינדען זייער אַרגומענט אויף דער ערפאַרונג אַז ניט אַלע קאָמפּליינס וואָס אַ ביזנעס אַגענט קריגט פאָדערען דיזעלבע צייט צו ערלידיגען. זיי געבען אָן אַז מאַנכעס מאָל קען אַ קאָמפּליינט גאַנץ שנעל ערלידיגט ווערען און מאַנכעס מאָל דויערט עס אַ לאַנגע צייט ביז דער קאָמפּליינט ווערט געבראַכט צו אַ שלום. דאַרום ווען עס וועט אויסקומען אַ ביזנעס אַגענט צו ערלידיגען שווערע קאָמפּליינטס אין ניו יאָרק, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל, וועט ער ניט קאָנען אַטענדען צו קאָמפּליינטס אין אַנדערע טעריטאָריעס, וואו עס דאַרף אים נעמען אַ געוויסע צייט צו קומען אום צו קענען דאָרט אויפן פּלאַץ ערלידיגען דעם קאָמפּליינט. די אָנהענגער פון דעם פּלאַן דענקען אַז די ביזנעס אַגענטען וועלען דאָס קענען אַטענדען.

עס איז פאַרשטענדליך אַז קיינער קאָן ניט זאָגען אין פאָראויס ווי דער פּלאַן וועט אַרבייטען. די גוטע זייט און שלעכטע זייט פון אַ פּלאַן ווערט אויסגעפונען ווען מען פאַנגט זיך מיט דעם אָן צו באַנוצען. די אָנהענגער גלויבען ניט אַז דורך יוניפאָרם קאָנטראָל וועלען אַלע איבלען, פון וועלכע דער קלאָוקמאַכער לײדעט היינטיגען טאָג, אָפּגעשאַפט ווערען, אָבער פילע איבלען קענען אָפּגעשאַפט ווערען. וועט דער פּלאַן אַרבייטען, ווי מען דענקט, וועט מען זיך מיט אים באַנוצען. וועט ער ניט אַרבייטען, וועט מען אים אַזוי קענען ענדערען ווי מען האָט געענדערט אַנדערע פלענער אין דער פאַרגאַנגענהייט.

* * *

דער טרייד איז נאָך ניט אַזוי ביזי ווי מיר האָבען ערוואַרטעט, אָבער אַרבייט איז דאָ אין די שעפּער. זיכער איז, אַז לויט ווי דער טאַראַראַם איז געווען מיט עטליכע וואָכען צוריק, אַז עס זיינען דאָ הונדערטער בייערס אין מאַרקעט צו קויפען קלאָוקס, האָט דער טרייד שוין איצט באַדאַרפט זיין זייער ביזי. אָבער איך האָב נאָך אין דער לעצטער „גערעכטיגקייט" אַרויסגעבראַכט אַז כאָטש דער פאַרקויף פון לייבעלס אָדער דער באַזוך פון בייערס אין שאָו־רומס ווערט אַ באַראָמעטער פאַר אַרבייט, דאָך האָב איך ניט קיין צו פיל גלויבען אין דעם. איך האָב מיין ניט־גלויבען באַזירט אויף דעם פאַל פון דעם לעצטען סיזאָן. אויך דעם לעצטער ווינטער סיזאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ טאַראַראַם אַז עס זיינען דאָ אַ סך בייערס אין מאַרקעט, און דאָך איז דער סיזאָן געווען דער ערגסטער וואָס די קלאָוקמאַכער קענען געדענקען.

אורזאַכען אַז עס זאָל דעם סיזאָן זיין מער אַרבייט ווי דעם לעצטען, זיינען דאָ. די פריוען האָבען שוין פון לאַנג ניט געקויפט קיין נייע קליידער. קיין גאַנץ אַלטע קליידער קען מען ניט טראָגען; פון צו פיל קלינגען מוזען זיי זיך פאַנאַנדערפאַלען.

ווען מיר שרייבען די צײלען איז נאָך איבעראַל ניט ביזי אין די שעפּער פון דער ביליגער ליין אַרבייט. צו ביסלאַך אַרבייט איז דאָ איבעראַל. מען האָפט אַז דער טרייד זאָל זיין ביזי און אַז אַרבייט זאָל נאָך זיין נאָך איסטער סאַנדעי.

* * *

ווען דער עלעווייטאָר סטרייק האָט אויסגעבראָכען האָבען מיר ערוואַרטעט אַז דער טרייד וועט לײדען אַ פאַרלוסט אין ביזנעס און די אַרבייטער וועלען לײדען אַ פאַרלוסט אין שכירות. ווי גרויס דער פאַרלוסט וועט זיין האָט מען ניט געקאָנט וויסען. אין גאַנצען האָט דער סטרייק אָנגעהאַלטען דריי טעג, און פאַר דער קורצער צייט, באַהויפּטעט די „וואָמען'ס ווער", די טרייד צייטונג, אַז דער גאַרמענט סענטער פון דער פריוען אינדוסטריע האָט פאַרלוירען 25 מיליאָן דאָלאַר אין ביזנעס. זי גיט ניט אָן וויפיל קלאָוקס אַליין האָט פאַרלוירען. אַז די קלאָוק אינדוסטרי האָט פאַרלוירען זייער פיל זיינען מיר זיכער.

הגם מיר ווייסען ניט וויפיל אונזערע מעמבערס האָבען פאַרלוירען אין שכירות, און וויפיל דער סטרייק האָט אונמעגליך געמאַכט פאַר אונזערע מעמבערס צו קריגען דזשאַבס, ווילען מיר זאָגען: „גם זו לטובה, וואָס דער סטרייק איז שנעל געסעטעלט געוואָרען". וואָלט דער סטרייק חלילה געווען פאַרצויגען געוואָרען וואָלטען זיי ניט נאָר געווען געליטען אַ גרעסערען פאַרלוסט אין שכירות, נאָר זיי וואָלטען זיך נאָך פילייכט געווען באַדאַרפט באַטייליגען אין אַ פּיקעט ליין, ווייל די אייגענטימער וואָלטען זיכער געווען געמאַכט אַ פאַרזוך צו ברעכען דעם סטרייק מיט סטרייק ברעכער.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך אַז מיר, אַלס יוניאָן לייט, קענען ניט קריטיקירען די עלעווייטאָר אָפּערייטאָרס יוניאָן פאַר רופען דעם סטרייק אום צו קריגען בעסערע באַדינגונגען פאַר אירע מעמבערס. זי האָט אַ פאָלקאָמען רעכט דערצו. די פראַגע איז צו האָבען די עלעווייטאָר לייט ניט געקאָנט קריגען דאָס אָן אַ סטרייק, וואָס זיי האָבען געוואונען דורך דעם סטרייק.

מעגליך אַז די יוניאָן האָט געזוכט אָן אויסגלייך אויף אַ פרידליכען אופן אָבער די אייגענטימער פון די בילדינגס האָבען ניט געוואָלט נאָכגעבען אַפילו דאָס ביסעל וואָס די עלעווייטאָר לייט האָבען געקראָגען און געצוואונגען זייערע אָנגעשטעלטע אַרויסצוגיין אין סטרייק.

ווערענד מיר קאָנען ניט באַגריסען די עלעווייטאָר יוניאָן מיט אַ באַדייטענדען זיג ווילען מיר אָבער סאַלוטירען די דיסציפּלינירטע און גוט אָרגאַניזירטע אַרמיי. די עלעווייטאָר יוניאָן אַלס אַ יונגע אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָנסטרירט אַ געוואַלדיגען כח. ניט נאָר האָט זי געבראַכט צו אַ שטילשטאַנד אַלעס וואָס איז פאַרבונדען מיט אַ בילדינג, ווייל אויסער די וואָס פירען די עלעווייטאָרס זיינען דאָ אַזעלכע וועלכע וואַרעמען און רייניגען די בילדינגס, נאָר מיט דעם וואָס זיי האָבען אָוועקגעלייגט די הענט, האָבען זיי פאַראַליזירט די גאַנצע פריוען קליידער אינדוסטריע וואָס געפינט זיך אין די בילדינגס. ווי עלעווייטאָר לייט האָבען זיך בלויז אַ שפּיל געטאָן, האָבען זיי געצייגט וואָס אַרבייטער קאָנען טאָן ווען זיי זיינען פאַראייניגט.

---

## דאַנק רעזאָלוציע.

די אַרבייטער פון „קאָלבערג און ליבערמאַן" 214 וועסט 39־טע סטריט, דריקען אויס זייער דאַנקבאַרקייט צום דיסטריקט מענעדזשער בענדזשאַמין קאַפּלאַן און דעם ביזנעס אַגענט ברודער פישער, פאַר דער געטרייער דינסט וואָס זיי האָבען געלייסטעט די אַרבייטער פון שאָפּ.

אַלס אָנערקענונג פאַר זיין אויסגעצייכענטער אַרבייט אַלס שאָפּ טשערמאַן פּרעזענטירען די אַרבייטער פון שאָפּ ברודער א. סעימס, מיט אַ גוטען גאָלדענעם זייגער.

די קאָמיטע:

מ. ווילסאָן, לאָקאַל 117; ב. בראַמער, לאָקאַל 38; א. אַבראַמס, לאָקאַל 9; ל. לאַסער, לאָקאַל 82.

# די עמבראידערי ארבייטער יוניאן אין 1938

(א פארשפעטיגטער איבערזיכט)

פון זכריה פרידמאן, פרעזידענט



[א]ין פארגלייך מיט די ארבייטער אין די אנדערע אפטיילונגען פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע, האבן אונזערע מיטגלידער פון לאקאל 66 געהאט גאר נישט קשה'דיג דורך דעם פארגאנגענעם יאר 1938. מאנכע פון אונזערע פאכען האבן עס געהאט אויסערגעוויינליך גוט, אנדערע — א ביסעל ווע־ניגער גוט. אין אלגעמיין אבער האבן כמעט אלע אונזערע מיטגלידער געמאכט א נישקשה'דיגען לעבען.

מען דארף זיין באקאנט מיט דעם פארשיידענ־ארטיגען צוזאמענשטעל פון אונזער לאקאל צו פארשטיין די אנדערשקייט פון דער לאגע ביי אונז אין פארגלייך מיט די אנדערע לאקאל יוניאנס אין אונזער אינטער־נעשאנעל. די גאנצע פרויען קליידער אינדוסטריע איז אפהענגיג פון דער מאדע, אבער קיינער ניט אזוי ווי די ארבייטער פון אונזער לאקאל. חוץ דעם באשטייען די אנדערע לאקאלס פון ארבייטער וואס מאכען א בא־שטימטע סארט באקליידונג. וואס די מאדע זאל ניט זיין, דארף מען אלץ האבען די דרעס, סקירט, קאוט אדער אנדער בגד. אן דעם קען מען זיך ניט באגיין. דער אונטערשייד פון סעזאן ביז סעזאן קען בלויז זיין אן אונטערשייד פון דער מאס ארבייט וואס מען האט. אמאל איז פאראן מער ארבייט, אמאל ווייניגער. אין אונזער לאקאל באלאנגען אבער די ארבייטער פון די אזוי גערופענע „אקזיליערי" טריידס. דאס הייסט, זיי ארבייטען אויף באפוצונגען. די סארט ארבייט הענגט אין גאנצען אפ פון דער מאדע. ווען א געוויסע סארט באפוצונג ווי טאקס, פליטס אדער עמבראידערי איז אין דער מאדע, האבען אונזערע ארבייטער א גוטען סעזאן. ווען ניט, קען עס פאסירען אז זיי זאלען א סעזאן אין גאנצען זיין אויסער ארבייט. דאס יאר איז די מאדע געווען אויסערגעוויינליך גוט צו אונזערע בעל־מלאכות.

צו אונזער לאקאל באלאנגען די ארבייטער פון פאל־גענדע טריידס: באנאז עמבראידערערס, טאקינג, פלי־טינג, פייפינג, סטעמפינג און נאוועלטי סטיטשינג. די סטיטשינג איז א צוזאמענמיש פון א האלבען טוצען פאכען און מאכט די ארבייט פון דער יוניאן צו קאנ־טראלירען דעם טרייד באזונדערס קאמפליצירט. און אט איז ווי אזוי די ארבייטער פון די פארשיידענע אפ־טיילונגען וואס באלאנגען צו אונזער יוניאן האבען אויס־געמאכט דורך דעם פארגאנגענעם יאר.

די באנאז עמבראידערערס האבען געהאט א מא־גערען ספרינג סעזאן, דערפאר אבער האבען זיי געהאט אן אויסערגעוויינליך גוטען פאל סעזאן; פאר די טא־קערס איז דאס גאנצע יאר געווען אויסגעצייכענט. זיי האבען אזוינע גוטע סעזאנען ניט געהאט פאר די לעצטע צען יאר. דאס זעלבע קען מען זאגען וועגען די פלי־טערס. אויך זיי האבען געהאט אן אויסערגעוויינליך גוטען יאר מיט גענוג ארבייט. די סטיטשערס האבען אויך אויסגעמאכט ניט שלעכט, כאטש ניט אזוי גוט ווי די פריהער דערמאנטע פאכען. די איינציגע אויסנאם זיינען געווען די וואס ארבייטען ביי טוביולאר פייפינג. ווי גוט די געטין פון דער מאדע איז געווען צו די אר־בייטער פון די אנדערע פאכען אין אונזער יוריסדיקציע, אזוי אכזריות'דיג שלעכט איז זי געווען צו די פייפינג מאכער. זיי האבען דאס יאר ניט געהאט קיין ארבייט ביי זייער פאך און די גאנצע אפטיילונג פון אונזער טרייד איז כמעט ווי פארניכטעט געווארען.

⁂

איבערקוקענדיג די טעטיגקייטען פון אונזער לאקאל דורך דעם פארגאנגענעם יאר, איז עס א פארגעניגען צו פארצייכענען די אויסערגעוויינליך וויכטיגע ארבייט וואס אונזערע באאמטע און קאמיטעס האבען דורך דעם יאר געטאן פאר דעם נוצען פון די מיטגלידער און זייער וואוילזיין. אונזערע ביזנעס אגענטען האבען דורכ'ן יאר אפגעשטאט ארום 4,685 שאפ־וויזיטען דורך דער ארבייטס־צייט און האבען אפגעהאלטען מיט די ארביי־טער 486 שאפ־מיטינגען אין אונזער אפיס. חוץ דעם האבען אונזערע באאמטע און אקטיווע מיטגלידער דורכ'ן יאר דורכגעפירט איבער 20,000 שאפ אינספעקציעס פאר און נאך די רעגולערע ארבייטס־שטונדען, שבתים, זונטאגס און ימים טובים, צו זען אז די געזעצליכע שטונדען זאלען אפגעהיט ווערען. אלס רעזולטאט פון דער טעטיגקייט, זיינען 396 קלאגען געגען בעלי בתים געבראכט געווארען פאר די לייבאר־באארדס פון די צוויי אסאסיאיישאנס און געגען אינדעפענדענט בעלי בתים. אין פילע פאלען זיינען די בעלי בתים געפונען געווא־רען שולדיג אין פארלעצען דעם אגרימענט און זיינען באשטראפט געווארען. די יוניאן האט דורך דעם יאר אריינגעקראגען 5,552 דאלאר קעש אלס שאדען־ערזאץ פאר אזוינע פארברעכענס. אין מאנכע פאלען זיינען ארבייטס־געבער אפגעלאזט געווארען מיט סוספענדעד סענטענס. בלויז צוויי פאלען זיינען מיר געצוואונגען געווען צו ברייגען צום אימפארשעל טשערמאן פאר אן אנטשיידונג.

אונזער לאקאל האט דורך דעם פארגאנגענעם יאר אויסגעצאלט צו 175 מעמבערס קראנקען בענעפיט אין דער סומע פון 4,704.25 דאלער און 402 מיטגלידער האבען געקראגען אויסגעצאלט די סומע פון 6,883 דאלאר אין ארבייטסלאזען הילף. אונזער לאקאל האט איינגעמאנט פאר די ארבייטער איבער 800 דאלאר בעק־פעי און זיי עס צוריקגעגעבען. מיר האבען געהאלפען אונזערע מיטגלידער קריגען די ריכטיגע סומע ארבייטס־לאזען בענעפיט פון סטייט צו וועלכע זיי זיינען געוועזן

בארעכטיגט. מיר האבען בייגעשטייערט דורכ'ן יא[ר]
די סומע 2,280.75 צו ארבייטער, פראגרעסיווע א[ון]
צדקה ארגאניזאציעס דא אין לאנד און אין אויסלאנד.

אלס אויסדרוק פון אנערקענונג צו אונזערע שאפ־
טשערלייט און אקטיווע מיטגלידער, האט אונזער יוניא[ן]
אראנזשירט פאר זיי א צוויי־טאגיגען אויספלוג אין יוניט[י]
הויז דורך דער וויק־ענד פון 9טען ביז'ן 11טען סעפ־
טעמבער. אונזער לאקאל איז געווען דער ערשטער צ[ו]
ביישטייערען א טאג שכירות פאר די פארפאלגטע אי[ן]
די פאשיסטישע לענדער; לעקציעס פאר אונזערע מיט־
גלידער איבער צייטליכע פראגען זיינען איינגעארדענ[ט]
געווארען מיט פראמינענטע פארטרעטער פון דער אר־
בייטער און פראגרעסיווער באוועגונג; און צולעצט וו[יל]
איך באריכטען דעם זייער וויכטיגען פאקט, אז אונזע[ר]
לאקאל האט דורך דעם פארגאנגענעם יאר צוגעקראגע[ן]
250 מער מיטגלידער ווי מיר האבען געהאט אין 1937

שליסענדיג דעם קורצען איבערבליק מיינעם איבע[ר]
די פאסירונגען און דערגרייכונגען פון אונזער לאקא[ל]
דורך דעם פארגאנגענעם יאר, וויל איך אויסדריק[ן]
אנערקענונג צום אפיס־סטעף פון אונזער יוניאן א[ון]
געבען אונזער דאנק און אנערקענונג צו די מיטגלידע[ר]
פאר זייער איינינקייט און איבערגעבענהייט צו דע[ר]
יוניאן און צו דער ארבייטער־באוועגונג. מיר האפע[ן]
אז דאס יאר וועט ווידער פאראייניגען די אמעריקאנע[ר]
ארבייטער אין איין גרויסער קערפערשאפט און ברייגע[ן]
געזונטען מענשען־פארשטאנד צו דער כאאטישער משוג[ע]־
נער וועלט.

# וואס עס הערט זיך אין פילאדעלפיע

פון ס. דייווידסאן.

א מערקווירדיגען צופאל האבען מיר דא געהאט אין א קלאק שאפ, וואס באווייזט ווי די יוניאן מוז זיין אויף דער וואך. אין איינעם פון אונזערע שעפער וואו מען מאכט א זייער ביליגע ליין ארבייט, האבען אונ־זערע קלאוקמאכער פרובירט איינשטעלען א סאב־קאנ־טראקטינג סיסטעם פון ארבייט. די אפערייטארס און פרעסערס האבען גענומען די ארבייט פון באס און באשעפטיגט מיידלעך, פארשטייט זיך, אז פאר גאנץ נידעריגע ווידזשעס.

אפצושאפען דעם סאב־קאנטראקטינג סיסטעם און די מיידלעך זאלען קענען בלייבען ארבייטען אין שאפ, האט די יוניאן געבראכט אן ערפארענעם מענשען פון אוט או טאון דעפארטמענט און צוזאמען מיט א קא־מיטע פון דער יוניאן האבען זיי אויסגעארבייט א סיס־טעם פון ארבייט וואס זאל דאס מעגליך מאכען. עס איז באשלאסען געווארען אז ס. רודין זאל פארבלייבען איין וואך אין שאפ איינצושטעלען די סיסטעם און דער רעזולטאט איז צופרידענשטעלענד. די פארדינסטען פון די מיידלעך איז פארטאפעלט און פארדרייפאכט געווארען און די קלאוקמאכער פארדינען גאנץ גוט. קרעדיט פאר אפשאפען די קאנטראקטינג און איינ־שטעלען דעם סיסטעם אין שאפ קומט וויס פרעזידענט ג. רובין, סופערווייזאר פון דער יוניאן.

### לאקאלס 74 און 53 איינגעשלאסען אין קראנקען בענעפיט פאנד.

די ספעציעלע קאמיטע וואס איז באשטימט גע־ווארען לעצטעס יאר צו באטראכטען די פראגע וועגען איינשליסען אין קראנקען בענעפיט פאנד פון דער דזשאינט באארד דעם איטאליענישען לאקאל 53, און דעם קאטער לאקאל 74 האט רעקאמענדירט אז די צוויי לאקאלס זאלען איינגעשלאסען ווערען אין דעם פאנד. דער באריכט זאגט אז אזוי ווי די מעמבערס פון די לאקאלס צאלען די זעלביגע סומע דיוס ווי די מיט־גלידער פון די דריי גרעסערע לאקאלס זיינען זיי בארעכטיגט צו די זעלביגע בענעפיטס. פון פינאנ־ציעלען שטאנדפונקט דענקט די קאמיטע אז כאטש די צוויי לאקאלס זיינען קליין אין דער צאל מיטגלידער און דער איינקונפט פון זיי איז דערפאר קלענער, איז אבער דער דורכשניט עלטער פון די מיטגלידער אין די צוויי לאקאלס נידעריגער און זיי וועלען פראפארציאנעל הא־בען א קלענערע צאל קראנקע. די דזשאינט באארד האט איינשטימיג אנגענומען די רעקאמענדאציע פון דער קאמיטע. עס דארף נאך איצט געבראכט ווערן

צו א מעמבער מיטינג גוטצוהייסען. אגב אורחה, ווי[ל]
איך דערמאנען די מיטגלידער אז אום צו זיין בארע[כ]־
טיגט צו קראנקען בענעפיט דארף מען ניט שולדי[ג]
זיין מער ווי פיר וואכען דיוס.

### געשטארבען גענאסע ח. וויינבערג.

אונזער פריינט און ארבייטער אגיטאטאר גענ. [ח.]
וויינבערג איז געשטארבען דאנערשטאג, דעם 26ט[ען]
יאנואר. די לויה איז פארגעקומען זונטאג פונם לעיבא[ר]
סענטער.

גענאסע חיים וויינבערג איז געווען איינער פון ד[י]
פיאנערען פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג. ד[י]
לעצטע צען יאר איז ער ניט אפט ערשינען אויף דע[ר]
פלאטפארמע. ער איז אבער געווען גוט באוואוסט א[ון]
באליבט ביי די אידישע ארבייטער און אין די יוניאנ[ס]
ער איז געווען זיין גאנצען לעבען פארטאן אין פרעדיג[ן]
די אידעאלען פון ארבייטער אייניגקייט און קאמף פ[אר]
פרייהייט און סאציאליזם.

אין דער לויה האבען זיך באטייליגט די אידיש[ע]
יוניאנס פון פילאדעלפיע, די קלאוקמאכער, דרעסמ[א]־
כער, בעקער און אמאלגאמייטעד. מאקס אמדור, [א]
נאענטער פריינד פון דעם פארשטארבענעם און געוו[ע]־
זענער מענעדזשער פון אונזער יוניאן האט גערעדט א[ין]
נאמען פון אונזער יוניאן. וויס־פרעזידענט ג. רובי[ן]
האט פארטראטען די אינטערנעשאנאל. פרעזידענ[ט]
דובינסקי האט צוגעשיקט פאלגענדע טעלעגראמע [צו]
דער אלמנה, גענאסין יעטא וויינבערג:

„איך בין טיף ערשיטערט אויסצוגעפינען וועג[ן]
דעם טויט פון אייער מאן. זיין טויט איז א גרוי[סער]
פארלוסט פאר דער ארבייטער באוועגונג, וועלכער [ער]
האט אזוי טריי געדינט. אין מיין אייגענעם נאמ[ען]
און אין נאמען פון אונזער יוניאן, שיק איך אי[יך]
דעם אויסדרוק פון מיין הארציגסטען מיטגעפיל".

(אונטערגעשריבען)

דוד דובינסקי, פרעזידענט,

אינט. לעידיס גארמענטווארקערס יוני[אן]

### אנערקענונג צו א שאפ־טשערמאן

די ארבייטער פון עלפאקא דרעס קא., 336 וועס[ט]
37טע סטריט, האבען פרעזענטירט זייער טשערמא[ן]
ברודער הערי שילער, מיט א פראכטפול שיינעם ראדי[א]
סעט אלס אנערקענונג פאר זיין טעטיגקייט און איבער־
געבענהייט אלס פראגרעסיווער יוניאן־ברודער און פ[אר]
זיינע אונערמידליכע און נאבעלע האנדלונגען און פירו[נ]־
גען אין שאפ. די קאמיטע:

די ברידער סולטאן, שרייער, סעם פרי[?]
און בערגמאן.

# פּראָבלעמען אין לאָקאַל 60

פון מאַקס קאָהען.

מענעדזשער לאָקאַל 60 און וויִיס־פּרעזידענט א. ל. ג. וו. י.



איר בלייבט אַמאָל שטיין אַ פאַרוואונדערטער ווען איר גיט אַ קוק אויף די אַלע אַקטיוויטעטען פון אונזער עדיוקיישאַנעל דעפּאַרטמענט. אין דער לייברערי זיצען מענשען און לייענען ביכער וועגען קונסט, ליטעראַטור און ארבייטער פּראָבלעמען; מעמבערס שטייען אין ליין צו נעמען ביכער אַהיים צו לעזען; אין א צווייטען צימער זעט איר זיצען ארבייטער, פּשוט'ע אידישע ארבייטער, אין די קלאַסען און זיי לערנען זיך אידיש, ענגליש אָדער שטודירען ארבייטער פּראָבלעמען. מיט איין מאָל הערט איר ווי מען רופט צום לעקטשור וואָס דער עדיוקיישאַנעל דעפּאַרטמענט האָט אַראַנזשירט פאר יעדען דינסטאג אָווענט.

אין אַן אַנדער אָפּטיילונג זעהט איר צענדליגע מענשען דעבאַטירען איבער אייראָפּעאישע פּראָבלעמען. די דעבאַטען זיינען היציגע; פאַרשידענע גרופּירונגען נעמען אנטייל, אָבער דער וויכטיגסטער דעפּאַרטמענט, צו וועלכען דער ארבייטער קוקט תמיד, איז דער אַנעמפּלאָימענט דעפּאַרטמענט. דאָרט זעט איר ארבייטער אין ליין ביי דעם פענסטערל — ווער עס ברענגט צוריק די וואָרקינג קאַרד, ווער עס נעמט אַ וואָרקינג קאַרד אויף מאָרגען צו געהן ארבייטען.

אין מיין אָפיס וועט איר זעהן שטעהן ליינס: איינעגע קומען צום מענעדזשער נאָך אַן עצה און אַנדערע האָבען סכסוכים צווישען ארבייטער און ארבייטער. איר פילט אַז יעדער מוז און דאַרף באַהאַנדעלט ווערען אויף דעם בעסטען אופן. איר דאַרפט זיין אין אַ פּאָזיציע פון גרויס ערנסטקייט און פאַראַנטוואָרטליכקייט, עס נעמט אייך אַרום אַזאַ וואַרימקייט, יעדער מעמבער וויל אַז איר זאָלט מיטפילען, זיי ווילען די יוניאָן זאָל זיין דער פאַקטאָר וועלכער פארהיט זייער שטיקעל ברויט.

„איר וויִיסט, מר. קאָהען",— אַן אַנדערער רופט מיך ביי מיין ערשטען נאָמען, מאַקס, און באַלד פאַרכאַפּט ער זיך און זאָגט: „איר זאָלט מיר ענטשולדיגען וואָס איך קאָן דאָך אייך אַזוי פיל יאָרען"... און ווען דער מעמבער פאַרלאָזט מיין אָפיס צופרידען, דאַן ווילט זיך נאָך אַמאָל איבערקוקען זיין קאָמפּליינט און איר ווילט ניט פאַרלירען קיין איין מינוט, איר ווילט אַז זיין קאָמפּליינט זאָל אַטענדעט ווערען.

יע, דאָס צוזאַמענלעבען פון אַ יוניאָן בעאַמטען מיט זיינע מעמבערס מוז זיין ווי דאָס צוזאַמענלעבען אין אַ פאַמיליע. איר ווילט אַז די וועלט זאָל קוקען אויף אייך מיט רעספּעקט און ליבע, מיר ווילען זיך ניט גרויסמאַכען מיט טומלען, מיט אַקטיוויטעטען און אַליין זיצען מיט פאַרלייגטע הענט און גאָר ניט טאָן. איר דאַרפט זיך נאָר אַריבערכאַפּען נאָך 5 אַזייגער, ווען דער ארבייטער קומט פון דער ארבייט — פריער פון אַלעס באַזוכט ער דעם יוניאָן אָפיס אײדער ער געהט אַהיים.

איך פיהל אַז אין די איצטיגע שווערע צייטען, ספּעציעל צוליב דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פון דעם לאַנד, איז אפילו ווען אַ מיטגליד איז אומגערעכט, ווילט זיך דאָך אים מיטהעלפען.

ווען איך געה דורך דעם גאַנצען פלאָר פון אונזער לאָקאַל און איך זעה דאָס ענגשאַפט און דאָס ברויזען פון אַקטיוויטעט, פאַרשטיי איך אַז יעדען איינעמס צרות זיינען אַ קאַפּיטעל פאַר זיך אַליין. מיר האָבען געפונען אַ מיטעל צו היילען יעדען איבעל וואָס האָט זיך געצייגט ביי אונז אין אָפיס און די פּראָבלעמען וועלכע האָבען געדאַרפט געלייזט ווערען, זיינען געלייזט געוואָרען אין אַ גרויסער מאָס. עס איז אמת, אַז אַלעמען האָט מען אויף קיין דזשאָב ניט געקענט אָוועקשטעלען, עס איז אָבער אויך אמת אַז אַן עמפּלאָימענט דעפּאַרטמענט וואָלטען בלויז איינציגע געהאַט אַ נוצען דערפון.

איך בין צופרידען מיט דעם צוזאַמענשטעל פון אונזער יוניאָן. איך מיין די עקזעקוטיוו באָאַרד און די אָפיסערס. ריידען פון טשערמאַן וואַסילעווסקי און ווייטער אים לויבען וואָלט געווען איבעריג. ער איז איבערגעבען צו זיין ארבייט אין דער יוניאָן. דאָס איז אויך אמת פון אונזער סעקרעטער פון לאָקאַל און פון דעם וויִיס־טשערמאַן.

איך וואָלט באַדאַרפט אַביסעל ברייטער שרייבען פון אונזערע טעטיגקייטען, נאָר די צייט ערלויבט ניט. איך וועל דאָס טאָן אין אַנדערשמאָל. לאָמיר האָפען אַז די אַלע שוועריגקייטען וואָס געפינען זיך דאָ אָדער דאָרט, וועלען געלייזט ווערען גאָר אין דער נאָענטער צוקונפט.

# בריוו צום רעדאַקטאָר

ווערטער רעדאַקטאָר:

איך וויל אייך פרעגען, וואָס זאָלען טאָן די אַרבייטער וועמעס שעפער עס האָבען זיך אויפגעגעבען אַ דאַנק דעם, וואָס זייערע באָסעס קריגען די אַרבייט געמאַכט ביליגער אויט־אָוו־טאַון? איך בין איינע פון די אַרבייטער, און קומענדיג אין דער יוניאָן זוכען אַ דזשאָב און צוזעהענדיג ווי די אַרבייטסלאָזע רייסען זיך אַרום פאַר יעדען דזשאָב וואָס זיי הערען אויסרופען, פיל איך אַן עקל צו דער גאַנצער סיסטעמע.

אָבער ניט דאָס איז דאָס ערגסטע. וואָס עס פאַרדריסט נאָך מעהר, איז די ענדערונג אין דער באַציהונג פון מיין ביזנעס אַגענט. ווען ער פלעגט אַרויפקומען אין שאָפּ, האָט דער דעלעגאַט אונזערער געקענט יעדען אַרבייטער, אָבער איצט, ווען איך בין אויסער אַרבייט און האָב פּרובירט אים עפּעס פרעגען אין יוניאָן אָפיס, האָט ער זיך ניט גענומען די מיה אפילו מיר צו ענטפערען נאָר מיך אָפּגעפּטר'ט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט. איז דאָס רעכט אַזוי?

מיט אַכטונג,

דזשינען וויִיס, לאָקאַל 22.

---

ווערטער רעדאַקטאָר:

איך בעט אייך אָפּדרוקען מיין בריף, ווייל איך וויל, אַז די קלאָוקמאַכער זאָלען זיך באַקענען מיט געוויסע „ברויטגעבער" זייערע.

איך בין שוין אַ קלאָוקס אָפּערייטאָר כמעט 38 יאָהר. אין מיין איצטיגען פלאַץ אַרבייט איך די לעצטע פיר יאָהר. איצט האָבען זיך מיינע ברויטגעבער גענומען טשעפּען. מיין אַרבייט טויג ניט, איך מאַך ניט גענוג אַרבייט, הכלל, איך בין שוין צו־אַלט. דאַרף מען מיך דעריבער, שיסע, הענגען אָדער פאַר'סמ'ען אַבי פּטור ווערען פון די אַרבייטער וואָס זיינען עלטער געוואָרען. די באָסעס שימפען און באַליידיגען די יוניאָן דערפאַר, וואָס זי באַשיצט די אַרבייטער מען זאָל זיי ניט קענען אַרויסוואַרפען אין גאַס.

איך וואָלט אוודאי וועלען אָנגעבען דעם נאָמען פון שאָפּ. אָבער וואָס וועט אַרויסקומען? זיי וועלען בלויז נאָך מעהר דריקען און שעלטען און אַרויסנעמען דאָס געזונט.

אין שאָפּ אַרבייט מען פון וואָך. די באַדינגונגען זיינען אין גאַנצען ווי אין אַ ניט־יוניאָן שאָפּ. מען קומט צו דער אַרבייט האַלב נאָך זיבען אין דער פרי; דינערצייט מאַרקט מען און מען קערט איבער; מיר האָבען אין שאָפּ אַ פּאָר נפשות וואָס זוכען זיך אייַנצוקויפען ביים באָס און לאָסקע מוזען שוין די אַנדערע אויך מיטהאַלטען.

פאַר געזעצליכע ימים־טובים קריגט מען ניט באַצאָלט. מען גיט אַרונטער אַ פּראָצענט פון די שכירות. ווען מען קומט אָבער אַמאָל צו אַ שאָפּ מיטינג, זאָגט דער טשערמאַן אַז אַלץ אין שאָפּ איז אין אָרדענונג.

אונטערגעשריבען אַ קלאָוקמאַכער

פון דער רעדאַקציע:

אויב דאָס אַלץ וואָס איהר שרייבט איז אמת, מוז די יוניאָן זיכער נעמען אַ שטעלונג. אָבער ווי אַזוי קען די יוניאָן עפּעס טאָן, אַז איהר האָט מורא אָנצוגעבען אייער נאָמען אָדער אפילו אויסזאָגען וואו דער שאָפּ געפינט זיך? דיינקט איהר ניט אַז אין אַ גרויסען טייל פון די צרות זייט איהר אַליין שולדיג דערמיט וואָס איהר האָט ניט דעם מוטה צו קומען אין דער יוניאָן און איבערגעבען די אַלע פאַקטען? געוויינליך דרוקט ניט די „גערעכטיגקייט" קיין בריף אָן אָן אונטערשריפט. מיר האָבען אָבער געמאַכט אַן אויסנאַם מיט דעם בריף אין דער האָפענונג, אַז עס וועט זיך אפשר אָפּרופען אַן אַנדער אַרבייטער פון דעם שאָפּ, אַ מעהר מוטיגער, און וועט קומען אין דער יוניאָן אָדער אין דער רעדאַקציע און אָנגעבען דעם שאָפּ.

---

ווערטער רעדאַקטאָר „גערעכטיגקייט":

זיצענדיג אַזוי אין געהאַקטע וואונדען, איז מיין אויג געפאַלען אויפ'ן קאַלענדאַר — שוין פעברואַר דער 10־טער און איך זעה נאָך אַלץ ניט אַ וואָך אַרבייט ביי קלאָוקס. איז מיר געקומען אויפ'ן געדאַנק: לאָמיר נאָר זעהן מיינע גליקען פון לעצטען יאָר, ווי אַזוי בין איך אויסגעקומען דורך דעם יאָר 1938? וויפיל האָב איך פאַרדינט און ווי אַזוי האָב איך געלעבט פון בלויז מיינע אייגענע 10 פינגער?

דורכבלעטערענדיג דאָס ביכעל פון דער „פיידע" פוןביידע סעזאָנען, געפין איך, אַז איך האָב פאַרדינט 884 דאָלער. אַביסעל האָט מיר צוגעשפּילט די „אַנעמפּלאָימענט אינשורענס". איך האָב געקראָגען 180 דאָלער, איז צוזאַמען — 1064 דאָלער. רענט האָט מיר געקאָסט 444 דאָלער. בלייבט 620 דאָלאַר אויף 52 וואָכען. אַ חשבון פון 12 דאָלער אַ וואָך. דערפון האָבען געדאַרפט 2 מענשען לעבען, קליידען זיך, צאָלען פאַר געז, עלעקטריק, לאָנדרי, אַ לאָדזש באַצאָהלען, אַ יוניאָן באַצאָהלען, 75 סענט אַ פּעימענט אַ וואָך. אַ מאַווי אַמאָל זעהן. און אַלע אנדערע זאַכען אין וואָס לעבעדיגע מענשען נויטיגען זיך.

היינט שטעלט זיך פאַר דעם צאַצקעדיגען לעבען, וואָס מיר האָבען שוין געקענט האָבען היינטיגען יאָר...

אַרבייטענדיג 32 יאָר ביי קלאָוקס, אין אַזאַ רייכען טרייד, אַז עס פאַרנעמט דאָס אויג, ווען מען זעהט עס אין אַ שאָו־ווינדע, מיט אַזאַ שטאַרקע רייכע יוניאַן וואָס מיר האָבען, זאָלען מיר קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק נישט קענען מאַכען אַ שטיקעל לעבען?...

יעס, ווערטער רעדאַקטאָר, געהט אַרום אַ פּאָר טעג אין מאַרקעט, פון 36טער ביז 39טער סטריט, וועט איר זעהן ווי שווערע טראָקס ברענגען מענער־סטייל סוטס, וואָס מענער־שניידער מאַכען, און מיר קלאָוקמאַכער דרעהען זיך אַרום אין די גאַסען. פרעגט נישט די אָפיסערס פון דער יוניאָן, זעהט אַליין מיט אייערע אייגענע אויגען, וועט איר אויך זעהן ווי מען ברענגט קלאָוקס און מען פירט אַוועק געשניטענע אַרבייט, דאַן וועט איר וויסען פאַרוואָס מיר קלאָוקמאַכער זיינען אַזוי קראַנק אויף אַ לעבען צו מאַכען... אַז דאָס האַרץ פּלאַצט נישט פאַר פאַרדרוס פון זאָרג...

איך האָב זיך ניט געקענט העלפען, איך האָב זיך געמוזט אָפּריידען פון האַרץ.

א. ל., מעמבער ל. 117, לעדזשער 11,444.

---

## אַנערקענונג רעזאָלוציע.

אין אַנבאַטראַכט, אַז ברודער טערי, איז אונזער ביזנעס אײדזשענט פאַר די לעצטע דריי יאָר, און האָט אַלע מאָל אַכטונג געגעבען, אַז אונזערע יוניאָן באַדינגונגען, פאַרדינסטען און מענשליכע באַהאַנדלונגען, זאָלען שטרייַנג אָפּגעהיט ווערען.

און אויך אנערקענעדיג, אַז ער האָט אונז געגעבען זיין פולע קאָאָפּעראַציע אין איבערציִיגען דער פירמע, אַז דער שאָפּ זאָל זיך איבערציהען אין אַ ליכטיגען און לופטיגען פּלאַץ.

ווערט דאַרום איינשטימיג באַשלאָסען ביי אַ שאָפּ מיטינג פון די אַרבייטער, פון דער „עי ענד טי" דרעסעס קאָ., 462 7טע עוועניו, אויסצודריקען אַ הערצליכען דאַנק אונזער ביזנעס אײדזשענט ברודער טערי, פאַר זיין אונערמידליכער אַרבייט.

מיר באַדאַנקען אויך אונזער שאָפּ טשערמאַן, ברודער לואיס בעטינסקי, פאַר זיין איבערגעבענדער אַרבייט לטובת אַלע אַרבייטער פון אונזער שאָפּ.

קאָמיטע:

בעני דזשעספּאַר, לאָקאַל 22, דזשעני לעסטיג, לאָקאַל 22, דאָראַ דזשיאַדאַנאָ, לאָקאַל 89, היימען דייווידסאָן, לאָקאַל 60.

## טרויער רעזאָלוציע.

די אַרבייטער פון לואיס גאָלדמאַן קלאָוק שאָפּ, 500 זיבעטע עוועניו, באַדויערען דעם טויט פון ברודער ראָסנער'ס פרוי און דריקען אויס זייער טיפען מיטגעפיל צו ברודער ראָסנער אויף זיין שווערען פאַרלוסט.

פאַר די אַרבייטער פון שאָפּ:

טשערמאַן און קאָמיטע.

# פרעזידענט דובינסקי באזוכט מאנטרעאל



אריגען חודש האבען מיר געהאט א ליבען גאסט. ס'איז געקומען צו אונז פאר א קורצען באזוך ברודער דובינסקי, פרעזידענט פון אונזער אינטערנעשאנאל.

בלויז צוויי טעג האט פרעזידענט דובינסקי פארבראכט ביי אונז אין מאנטרעאל, און דאס זיינען געווען צוויי גרויסע טעג פאר אונזער מאנטרעאלער אינטערנעשאנאל. עס זיינען פאקטיש געווען צוויי טעג יום־טוב פאר די פילע מיטגלידער ביי אונז אין שטאדט. פאר דער צייט וואס ער איז דא געווען האט ער אפגעהאלטען איינינגע קאנפערענצען און אדרעסירט א מאס־מיטינג פון אלע מיטגלידער.

דער מאס־מיטינג איז פארגעקומען אין דעם גרויסען „אודיטאריום האל", וועלכער איז געווען אויסערגעווינליך געפאקט. אין זיין רעדע, וואס ער האט געהאלטען ביים מאס־מיטינג, האט ער געטשאלענדזשט די בעלי־בתים, די מיטגלידער פון דער „דרעס מאנופעקטשורערס גילד", אז זיי זיינען ניט געווען אויפריכטיג ווען זיי האבען אונטערהאנדעלט מיט דער יוניאן וועגען לעגאליזירען דעם אגרימענט וועלכען זיי האבען אונטערגעשריבען. ער האט באטאנט, אז די יוניאן וועט זיך ניט לאזען שפייען אין פנים און זי וועט האלטען די בעלי־בתים פאראנטווארטליך פאר זייערע אונטערשריפטען. צו די מיטגלידער פון דער דרעסמאכער יוניאן האט דער פרעזידענט דערקלערט, דאס נעמענדיג אין אכט די אומגינסטיגע באדינגונגען אין טרייד, דעם מאנגעל אין ארבייט און די שוואכע פארדינסטען, האט ער רעקאמענדירט צו דער מאנטרעאלער יוניאן־פירערשאפט, אז דער באשלוס צו העכערען דיוס פון 25 סענט צו 35 סענט א וואך זאל דערווייל אפגעלעגט ווערען, און אז די מיטגלידער זאלען פארטזעצען צו צאלען די פריערדיגע קלענערע „דיוס".

פון די קאנפערענצען וואס ברודער דובינסקי האט דא אפגעהאלטען איז איינע געווען מיט די מיטגלידער פון באצאלטען סטעף און א צווייטע מיט דער עקזעקוטיוו באארד פון דער „קלאוק מאנופעקטשורערס אסס'ן".

ביי דער קאנפערענץ מיט'ן סטעף זיינען אויסגעארבייט געווארען פלענער ווי אזוי צו באקעמפען די בעלי־בתים וועלכע מאנעווירען ווי ארויסצודרייען זיך פון קאלעקטיווען אגרימענט וועלכען זיי האבען אונטערגעשריבען מיט דער יוניאן.

ביי דער קאנפערענץ מיט די בעלי־בתים זיינען דיסקוטירט געווארען צוויי פראגען. ערשטענס איז פארהאנדעלט געווארען דאס פראבלעם פון „אווערלעפינג", ווי צו באקעמפען די אייגענטימער פון קליידער־שעפער וועלכע פראדוצירען מעניש־מייד גארמענטס. אין פארבינדונג דערמיט זיינען פארגעשלאגען געווארען געוויסע פלענער וועגען וועלכע עס וועלען נאך דארפען געפירט ווערען פארהאנדלונגען צווישען פארשטייער פון דער יוניאן און פארטרעטער פון די בעלי־בתים.

די צווייטע פראגע, וואס פרעזידענט דובינסקי האט אויפגענומען מיט די בעלי־בתים, איז וועגען דעם, אז אונזערע מיטגלידער זאלען ארבייטען א ספעציעלען טאג — דאס זאל זיין א שבת — פאר די פליכטלינגען. דער לוין פאר דעם דאזיגען טאג ארבייט זאל זיין אויפ'ן באזיס פון אנדערהאלבען מאל אזויפיל. א העלפט פון דעם לוין זאל גיין צו די ארבייטער און די צווייטע העלפט פאר די קרבנות פון נאצי־רעזשים.

אגב, רעדענדיג וועגען די פליכטלינגען איז וויכטיג צו באמערקען, אז זייענדיג דא איז פרעזידענט דובינסקי געווען פאראינטערעסירט ניט בלויז אין דעם אז אונזערע מיטגלידער זאלען זיך באטייליגען אין דער דאזיגער וויכטיגער הילפס־ארבייט. אונזער פרעזידענט האט אויך ארויסגעוויזען אן אינטערעס, אז אנדערע ארבייטער זאלען עפעס טאן אויף אט דעם געביט. ניט אכטענדיג וואס זיין צייט איז דא געווען אזוי באשרענקט האט ער אבער געפונען פאר וויכטיג צוזאמענצורופען די פארשטייער פון דער אידישער ארבייטער־באוועגונג אין מאנטרעאל. ער האט זיי גערופען צו א לאנטשאן און האט צו זיי גערעדט — אלס פארשטייער פון דעם אידישען ארבייטער קאמיטעט — וועגען די געזעלשאפטליכע פליכטען פון אידישע ארבייטער. ער האט אין זיין רעדע געגעבען אן איבערזיכט וועגען די וויכטיגע פונקציעס פון דעם אידישען ארבייטער קאמיטעט, ווי ער שטיצט די פראגרעסיווע און דעמאקראטישע באוועגונגען אין די פארשיידענע לענדער פון רעאקציע צו קעמפען געגען פאשיזם און אנטיסעמיטיזם. ער האט אויך גערעדט וועגען די געלד־זאמלונגען וואס דער ארבייטער־קאמיטעט פירט איצט אן פאר די פליכטלינגען. ער האט אפעלירט צו די פארשטייער פון די אידישע ארבייטער ארגאניזאציעס אין מאנטרעאל, אז זיי זאלען שטיצען די ארבייטען פון דעם אידישען ארבייטער קאמיטעט סיי אין דעם קאמף געגען פאשיזם און רעאקציע און סיי אין זאמלען הילף פאר די קרבנות פון פאשיסטישע פארפאלגונגען.

## פון בערנארד שעהן

### גענעראל ארגאניזער א. ל. ג. וו. יוניאן

דער באזוך פון פרעזידענט דובינסקי איז אזוי ארום געווען וויכטיג און ניצלאך ניט בלויז פאר אונזער אייגענער אינטערנעשאנאל, נאר אויך פאר דער גאנצער אידישער ארבייטער באוועגונג אין מאנטרעאל. דובינסקי'ס ווענדונג צו די מאנטרעאלער אידישע ארבייטער ארגאניזאציעס וועט אן צווייפעל ברענגען גוטע רעזולטאטען.

### יוניאן רופט דרעס־מאנופעקטשורערס צו ארביטריישאן

אונזער יוניאן האט געלאזט וויסען די דרעס־מאנופעקטשורערס, מיטגלידער פון „גילד", אז מיר האלטען זיך פאראנטווארטליך פאר דעם קאלעקטיווען אגרימענט וועלכען זיי האבען אונטערגעשריבען מיט אונז און פון וועלכען זיי ווילען זיך איצט ארויסדרייען דורך מאנעווירען מיט דער רעגירונג'ס „פעיר ווידזש באארד" צו באשטימען אן ארדינאנץ אין טרייד וועגען לוין און שטונדען.

מיר האבען די בעלי־בתים געלאזט וויסען, אז מיר באשולדיגען זיי אין אומאויפריכטיגקייט; אז זיי זיינען ניט געווען אויפריכטיג בעת זיי האבען מיט אונז פארהאנדעלט וועגען לעגאליזירען דעם אגרימענט. מיר האבען זיי געלאזט וויסען, אז מיר פאדערען זיי אויף צו ארביטריישאן אויף די קלאגען וועלכע מיר האבען געגען זיי.

### מיר פלאנעווען געריכטליכע שריט געגען דער פירמע וואס האט געבראכען דעם אגרימענט

מיטוואך, דעם 15טען ד. מ., האבען מיר געגעבען אפיציעלע נאטיס צו דער „ראוז דרעס קא." אין וועלכער מיר לאזען איר וויסען, אז מיר וועלען מאנען פון איר שאדען־ערזאץ דורכ'ן געריכט, אויב זי וועט ניט ארביטרירען מיט אונזער יוניאן די אלע צוויסטיגקייטען און אנשטעלען צוריק אלע בעלי־מלאכות וואס זיינען אויסגעשלאסען געווארען דורך דעם לאקאוט. אין פאל די פירמע וועט זיך אנטזאגען צו ארביטרירען, וועלען מיר נעמען געגען איר „עקשאן" פאר שאדענערזאץ צו גוטמאכען דעם שאדען וואס די יוניאן און די בעלי־מלאכות לידען דורכ'ן לאקאוט און מיר וועלען מאנען א יאר ווידזשעס פאר די ארבייטער.

אונזער אנקלאגע געגען דער „ראוז דרעס" פירמע איז באזירט אויף פאלגענדע 4 פונקטען פון קאלעקטיווען אגרימענט:

סעקשאן 15, וואס פארבאט דיסקרימינאציע געגען ארבייטער פאר יוניאן אקטיוויטעט. די פירמע האט ארונטערגעשיקט צוויי טשערלידיס דערפאר וואס זיי האבען זיך אנטזאגט צו געבען לוין־רעדוצירונגען.

סעקשאן 20, וואס שרייבט פאר, אז צוויסטיגקייטען צווישען דער יוניאן און די בעלי־בתים מוזען איבערגעגעבען ווערען צו ארביטריישאן.

סעקשאן 28, וואס פארבאט סטרייקס, סטאפעדזשעס און לאקאוטס פאר דער צייט וואס דער אגרימענט איז אין קראפט.

סעקשאן 36, וואס פארבאט רעדוצירונגען אין לוין און אין פרייזען פון שטיק־ארבייט.

דערביי איז אינטערעסאנט צו באמערקען אט וואס:

ביז מיט א פאר יאר צוריק האט א יוניאן ניט געקענט אנקלאגען א פירמע אין שאדען־ערזאץ פאר ברעכען אן אגרימענט, ווייל א יוניאן איז ניט געווען אינקארפארירט און אלס אזעלכע איז זי ניט פאראנטווארטליך אויב זי ווערט אנגעקלאגט פון א פירמע. האט אבער אונזער פרעמיער געהאלט אפטאן א שפיצעל די יוניאנס, און ער האט דורכגעפירט א געזעץ, לויט וועלכען יוניאנס זיינען יא פאראנטווארטליך פאר שאדען־ערזאץ אין פאל א בעל־הבית געווינט א פראצעס געגען זיי. פארשטייט זיך, אז אויב א יוניאן קען געהאלטען ווערען פאראנטווארטליך ווען אן אגרימענט ווערט געבראכען, פונקט אזוי דארף דער צווייטער שותף צום אגרימענט, דער בעל־הבית, זיין פאראנטווארטליך פאר שאדען־ערזאץ אויב ער ברעכט דעם אגרימענט.

### אונזערע ניו יארקער ספארטלער קריגען א ווארימע אויפנאמע אין מאנטרעאל

איך וויל שליסען מיין באריכט מיט איבערגעבען וועגען דער ווארימער אויפנאמע, וואס עס האט געקראגען ביי אונז אין מאנטרעאל די „סייקלאנס" פון לאקאל 102 א. ל. ג. וו. יוניאן, דער בעסקעט־באל טים וואס איז געקומען אהער אויף א טורנאמענט און האט זיך דא גוואלדיג אויסגעצייכענט.

אונזערע „סייקלאנס" האבען זיך באטייליגט אין א טורנאמעט מיט נאך דריי „טימס" פון אטאווא, האמילטאן און י. מ. ה. א., און זיי האבען געוואונען. זיי האבען געקראגען די „מאקס פיינסטאון קאפ".

דער „טים" איז באשטאנען פון 15 פערזאן. צו דער שפיל איז געקומען צופליען סאל מעטץ, דער מענעדזשער פון לאקאל 102.

אונזערע מיטגלידער האבען דא ווארים אויפגענומען די „סייקלאנס", פאר זיי ארא נזשירט א דינער און מיט זיי פארבראכט גאנץ פיין.

ביי אונזער היגען „טים" האט זיך א דאנק דעם סטימולירט די אמביציע צו אויסצייכענען זיך מיט דעם זעלבען ערפאלג ווי אונזערע ניו יארקער „סייקלאנס" און זיי טראגען זיך שוין אפילו ארום מיט דער האפענונג, אז זיי וועלען מיט דער צייט פארען קיין ניו יארק שפילען מיט די „סייקלאנס" און זיי באזיגען.

# לעקציעס ארא נזשירט פון לאקאל 117 פאר חודש מערץ

בראנקס: 1955 סאוטערן בולווארד, קארנער טרימאנט עוועניו (א. ל. פ. הערקוואדערס פון 7טען אסעמבלי דריסט.):

זונטאג, דעם 12טען מארטש, 11 פרי. לעקטאר ב. געבינער. טעמע: „וואס דארף זיין דער וועג פון דער אמעריקאנער לייבאר פארטיי?" טשערמאן ב. קאפלאן.

זונטאג, 26טען מארטש, 11 פרי. לעקטאר ברוך צוקערמאן. טעמע: „די אידישע פראבלעם — וואס איז דער אויסוועג?". טשערמאן ח. פריימאן.

בראנקס: 850 איסט 62טע סטריט, קארנער פראספעקט עוו.

זונטאג, 5טען מארטש, 11 פרי. לעקטאר דזשים קארק. טעמע: „די מלחמה געפאר". טשערמאן מ. סיינבערג.

זונטאג, 19טען מארטש, 11 פרי. לעקטאר ב. ביאלאסטאצקי. טעמע: „אידישער וויץ און אידישער הומאר". טשערמאן מ. ב. קאהען.

איסט ניו יארק: 971 סוטער עוו., קארנער קליוולאנד סטריט

זונטאג, 5טען מארטש, 11 פרי. לעקטאר ש. ניגער. טעמע: „ווי אזוי זאלען מיר באקעמפען די אנטיסעמיטישע אטאקעס?" טשערמאן פח. קאופמאן.

זונטאג, 19טען מארטש, 11 פרי. לעקטאר יעקב פאט. טעמע: „די לאגע פון די אידען אין איירארפע". טשערמאן ל. גאלדשטיין.

בראנזוויל: 1690 פיטקין עוועניו, קארנער ראקאוויי עוו.

זונטאג, 12טען מארטש, 11 פרי. לעקטאר י. לעווין־שאצקעס. טעמע: „דער ניו־דיל, די לייבאר פארטיי און סאציאליסטישע באוועגונג". טשערמאן מ. שוגערמאן.

בארא פארק: 1377—42טע סטריט, קארנער 14טע עוועניו.

זונטאג, 19טען מארטש, 11 פרי. לעקטאר ל. סיגעל. טעמע: „אי זדא א אידישע פראבלעם אין אמעריקע". טשערמאן א. בעלסאן.

קוני איילאנד: אין קאסא דאמאר, 2912 וועסט 31טע סטריט, קארנער סוירסייד עוועניו.

פרייטאג, 10טען מארטש, 8 אווענט. לעקטאר קלמן מרמר. טעמע: „רעוואלוציאנערע געשטאלטען אין דער אידישער געשיכטע. נ. קוירש, טשערמאן.

די מיטגלידער ווערען גערופען צו באזוכען די לעקציעס אין די געגענדען וואו זיי וואוינען.

עדיוקיישאנעל קאמיטע.

ס. פיינבערג, טשערמאן; י. סטענזאר, סעק.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXI. No. 4. | Jersey City, N. J., April, 1939 | Price: 10 Cents

## א רעקארד אין דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאנעל

די אינטערנעשאנעל האט געקראגען א נייעם באווייז ווי שטארק אירע מיטגלידער זיינען צוגעבונדען צו איר און ווי טייער עס איז ביי זיי זייער יוניאן. דאס קען מען זען פון דעם לעצטען פינאנץ-באריכט, וואס דער אפיס פון דער אינטערנעשאנעל האט פאנאנדערגעשיקט צו די לאקאלס.

אין דעם בריוו, וואס איז בייגעלייגט געווארען פון פרעזידענט דובינסקי צו דעם פינאנץ-באריכט, ווערט באמערקט, אז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די אינטערנעשאנעל האט אין יאר 1938, צוליב דער גרויסער ארבייטסלאזיגקייט אין דער פרויען-באקלײדונג אינדוסטריע, פארלארן 7 און א האלב פראצענט פון אירע מיטגלידער אין פארגלייך מיט'ן יאר 1937, איז אבער דאך דער פראצענט פון דיוס-צאלענדע מיטגלידער געשטיגען מיט 11 און א האלב פראצענט אין פארגלייך מיט'ן יאר 1937.

עס איז געוויס א גרויסער פארדרוס, וואס צוליב דער גרויסער ארבייטסלאזיגקייט זיינען אין דעם יאר 1938 ארויסגעפאלען פון דער אינטערנעשאנעל 18 טויזענט און 821 מיטגלידער און אנשטאט די 253 טויזענט און 646 מיטגלידער וואס זי האט געהאט צום סוף פון יאר 1937 האט זי געהאט 234 טויזענד און 825 צום סוף פון יאר 1938, אבער זי האט געהאט דערפאר די גרויסע קאמפענסאציע, וואס די צאל פון גוטשטייענדיגע מיטגלידער האט זיך פראצענטועל באדייטענד פארגרעסערט. דער פינאנץ באריכט ווייזט, אז אין יאר 1937 זיינען 74 פראצענט פון די מיטגלידער געווען גוטשטעהענד אין צאלען דיוס, בעת אין יאר 1938 זיינען עס געווען 85 און א האלב פראצענט. דאס איז, באמערקט פרעזידענט דובינסקי, דער העכסטער רעקארד פון גוטשטייענדע מיטגלידער, וואס די אינטערנעשאנעל האט ווען עס איז געהאט אין איר געשיכטע.

עס איז נויטיג דערביי צו באמערקען, אז די אינטערנעשאנעל האט ניט קיין „טשעק אף סיסטעם" פאר דער צאלונג פון דיוס, ווי דאס איז דער פאל מיט מאנכע אנדערע יוניאנס. מען נעמט ניט אראפ ביי די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל קיין דיוס פון זייער געצאלט, וואס זיי קריגען אין שאפ. זיי צאלען זייער דיוס פרייוויליג און דאס מאכט נאך וויכטיגער דעם פאקט און שטרייכט אונטער נאך שטארקער די צוגעבונדענקייט און די פליכטען-טריהייט פון די מיטגלידער צו דער אינטערנעשאנעל.

און מען דארף האבען אין זינען, אז די גרעסטע צאל מיטגלידער זיינען נאך פארהעלטניסמעסיג נייע אין דער יוניאן. עס זיינען געווען א סך צווייפלער ביי אונז, וואס האבען ווייניג געגלויבט, אז די גרעסטע צאל רעקרוטען, וואס זיינען מיט אמאל אריינגעקומען אין דער יוניאן, וועלען זיך אין איר האלטען. זיי האבען אבער איין מאל און נאך אמאל און ווידער אמאל באוויזען, אז זיי זיינען געקומען אין דער יוניאן צו שטיין אין איר און אז זיי וועלען זיין טריי און איבערגעבען צו איר. און עס איז ניט קיין וואונדער. זיי האבען פון דער יוניאן א סך געקראגען. די יוניאן האט ניט בלויז פארגרעסערט זייערע פארדינסטען, פארקירצט זייער ארבייטס-צייט, פארבעסערט זייערע ארבייטס-באדינגונגען, נאר האט זיכערער געמאכט זייער לעבען, האט איינגעפירט פאר זיי פארשידענע בענעפיטס, האט זיך באמיהט זיי צו געבען מער בילדונג און צו מאכען זייער לעבען אינטערעסאנטער און אינהאלטסרייכער. עס איז א געגענזייטיגע באציאונג. די מיטגלידער זיינען צופרידען און שטאלץ מיט זייער אינטערנעשאנעל און די אינטערנעשאנעל איז צופרידען און שטאלץ מיט אירע מיטגלידער.

## דער זיג פון דער דרעסמאכער יוניאן

דער זיג פון דער דרעסמאכער יוניאן אין איר קאמף מיט די טראק-אייגענטימער איז פון אן אונגעהייער גרויסער וויכטיגקייט פאר די דרעסמאכער, און ברודער דזשוליוס האכמאן, דזשענעראל מענעדזשער פון דער דרעסמאכער יוניאן, איז פולשטענדיג בארעכטיגט צו זיין שטאלץ מיט דעם אגרימענט, וואס ער האט אונטערגעשריבען.

די איינצעלהייטען פון די געווינסען פון די דרעסמאכער אין זייער קאמף מיט די טראק-אייגענטימער ווערען איבערגעגעבען אין אן אנדער פלאץ אין דער „גערעכטיגקייט". דא ווילען מיר בלויז זאגען, אז דער וויכטיקסטער טייל פון אגרימענט איז זיין דורכפירונג אין לעבען און צו דעם גרויסען קרעדיט פון דער דרעסמאכער יוניאן דארף געזאגט ווערען, אז זי האט ניט בלויז געפירט אן ענערגישען קאמף דעם אגרימענט צו געווינען, נאר זי האט זיך אויך גענומען מיט איר גאנצער ענערגיע דעם אגרימענט צו פארווירקליכען און אז די פונקטען, וואס זיינען אין אים פארשריבען זאלען אפגעהיט ווערען.

מיר ווייסען, אז די אויפגאבע צו באשיצען די פאזיציע, וואס די דרעסמאכער האט איצט געוואונען, איז ווייט ניט קיין לייכטע. עס איז אפט שווערער צו באשיצען אן אגרימענט, איידער אים צו געווינען. נאר מיר פארלאזען זיך אויף דער ענערגישער און קאמפס-פעאיגער דרעסמאכער יוניאן, אז זי וועט גוט אויפפאסען, אז דער אגרימענט זאל ווי געהעריג אפגעהיט ווערען.

❀

## די צייטווייליגע נייע פארוואלטונג פון קלאוק דזש. באארד

מיר מוזען זיך מודה זיין, אז מיר זיינען ניט שטארק באגייסטערט פאר דער אידעע צו האבען א קאמיטע פון פיר מענעדזשערס פאר'ן דזשאינט באארד אנשטאט איינעם. דער קלאוק דזשאינט באארד דארף האבען א דזשענעראל מענעדזשער, וואס זאל האבען די אויפגאבע און אויך די אמביציע צו מאכען דעם דזשאינט באארד פאר די העכסטע קערפערשאפט פון דער קלאוקמאכער יוניאן ניט בלויז אין נאמען, נאר אויך אין דער דעה און אין איינפלוס.

נאר עס שיינט אונז, אז קיינער איז ניט באגייסטערט פאר דער אידעע פון פיר מענעדזשערס אנשטאט איינעם. די נייע איינפירונג ווערט אין דער ווירקליכקייט באטראכט בלויז פאר א צייטווייליגער און בלויז דערפאר, וואס מען האט ניט געקענט קריגען דעם מענעדזשער, וואס מען האט געוואלט. עס הייסט, אז עס האנדעלט זיך ניט וועגען מאכען א נייעם עקספערימענט אין דער פארוואלטונג פון דזשאינט באארד, נאר וועגען אויספילען צייטווייליג א פלאץ, וואס איז געבליבען ליידיג.

און זאל מען אונז ניט פאלש פארשטעהן. מיר באטראכטען די קאמיטע פון די פיר מענעדזשערס פאר א העכסט פעאיגער, און מיר גלויבען, אז דער דזשאינט באארד איז איבערגעגעבען געווארען אין גוטע הענט. אונז איז דא ניט נויטיג אויסצוטיילען קאמפלימענטען. די נעמען ברעסלאו, נאגלער, סארקין און מאליסאני זיינען גוט באקאנט ניט בלויז אין אונזער יוניאן, נאר אויך אויסער די גרעניצען פון אונזער יוניאן. מיר האבען דא בלויז געוואלט זאגען, אז דער דזשאינט באארד דארף האבען א י י ן מענעדזשער, וואס זאל איינגאנצען באלאנגען אים און וואס זאל האבען די אמביציע צו מאכען פון דעם דזשאינט באארד מער ווי ער איז איצט. און דער דזשאינט באארד דארף האבען מער דעה און מער מאכט און ער דארף זיין, ווי שוין געזאגט, די העכסטע קערפערשאפט פון דער קלאוקמאכער יוניאן, ניט בלויז אין נאמען.

## די קלאוק מאנופעקטשורערס אסס'ן פארלאנגט עפעס פון פרעז. דובינסקי

די קלאוק מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן האט צוגעשיקט צו פרעזידענט דובינסקי א בריף, אין וועלכען זי פארלאנגט א פאר רעפארמען.. ערשטענס, פארלאנגט זי, אז אין א ל ע קלאוקשעפער זאל עקזיסטירען אן איינהייטליכע סיסטעם פון ארבייט. עס זאל זיין אין אלע שטיק-ארבייט, אבער ניט אין איינעם שטיק-ארבייט און אין דעם אנדערען וואך-ארבייט. צווייטענס, זאלען די פרייזען פון ארבייט געסעטעלט ווערען פאר'ן גאנצען גארמענט און ניט אין באזונדערע טיילען פאר אפערייטארס, פרעסערס און פינישער.

נו, וואס איז שייך צו דער פאדערונג וועגען סעטלען פרייזען, קענען מיר זיך פארשטעלען, אז עס וואלט געווען פאר די מאנופעקטשורערס בעסער אפצוסעטלען דעם גאנצען גארמענט מיט אמאל, איידער אין באזונדערע טיילען. הגם, וואס איז שייך צום פרייז גופא, ווייסען די מאנופעקטשורערס ווי צו בארעכענען, אז עס זאל זיי ניט קאסטען מער. זיי מאכען דאך דעם חשבון סאי ווי סאי פאר'ן גאנצען גארמענט און זיי האבען דעם חשבון אין זינען, ווען זיי דינגען זיך שפעטער מיט די אפערייטארס, מיט די פרעסערס און מיט די פינישערס. און אויב עס איז בלויז א פראגע פון באקוועמליכקייט דארף מען נעמען אין באטראכט, אז עס איז אן אלטער קלאוקמאכערישער מנהג, אז יעדער טייל פון דער ארבייט זאל געסעטעלט ווערען באזונדער. און ברעכען אן אלטען מנהג איז זעהר שווער.

וואס איז אבער שייך צו דער ערשטער פאדערונג וועגען אן איינהייטליכער סיסטעם פון ארבייט, עס הייסט, אז עס זאל זיין בלויז שטיק-ארבייט אין אלע שעפער און וואך-ארבייט זאל ניט ערלויבט ווערען, וועלען, דאכט זיך, די מיטגלידער פון דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן גאנץ שטארק קעמפען געגען דעם.

אין דער קלאוקמאכער יוניאן איז שוין מערערע מאל פארהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען אן איינהייטליכער סיסטעם פון ארבייט אין גאנצען קלאוק טרייד, ווייל די יוניאן גלויבט, אז דאס וואלט געווען בעסער פאר די ארבייטער. אבער עס זיינען גראד פאראן מערערע מאנופעקטשורער וואס פראדוצירען דעם טייערערען סארט קלאוקס, וואס ווילען דווקא אנהאלטען די סיסטעם פון וואך-ארבייט און זיי זאגען, אז לויט'ן אפמאך מיט דער יוניאן האבען זיי א רעכט דערצו. אגב איז עס ניט בלויז א פראגע פאר די מאנופעקטשורערס, וואס פראדוצירען דעם בעסערען גראד קלאוקס, נאר אויך פאר די דזשאבערס, וואס פראדוצירען דעם ביליגען גראד קלאוקס און גיבען ארויס זייער ארבייט צו קאנטראקטארס, וואס אין זייערע שעפער ווערט געארבייט פון וואך.

די פראגע פון איינפירען אן איינהייטליכע סיסטעם פון שטיק-ארבייט אין גאנצען קלאוק-טרייד האט אייגענטליך די מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן געדארפט אויפנעמען ביי זיך מיט אירע מיטגלידער און ניט מיט דער יוניאן. ווייס דאך די מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן, אז די יוניאן שטערט ניט די מאנופעקטשורערס וואס אין זייערע שעפער עקזיסטירט נאך די סיסטעם פון וואך-ארבייט איינצופירען די סיסטעם פון שטיק-ארבייט. די יוניאן היט איר אפמאך. זי האט ערלויבט איינצופירען שטיק-ארבייט.

❀

## פרעז. רוזוועלט'ס באמיאונגען פאר שלום צווישען א.פ.א.ל. און ס.אי.א.

דער לאנג-ערווארטעטער רוף פון פרעזידענט רוזוועלט פאר א שלום צווישען דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבר און דער סי. אי. א. איז ענדליך געקומען און די האפנונגען אויף א נאענטען פרידען אין דער אמעריקאנער

# אונזערע בילדונגס טעטיגקייטען

פון פאניא מ. קאהען
סעקרעטאר עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל



י ארבייטער באוועגונג האט אלע מאל פאר זיך א פראבלעם ווי אזוי צו שאפען אקטיוויטעט פאר דער גרויסער צאל יונגע מיטגלידער. אין אונזער יוניאן, צום ביישפיל, האבען מיר יונגע מענשען, וועלכע באזיצען ענערגי, ענטוזיאזם, א באגער צו טאן עפעס און זיך אנזען. פילע פון זיי זיינען נאך אבער צו־יונג אנצוטרויען זיי די פאראנטווארטליכקייט פון טעטיגקייטען וואס האבען צו טאן מיט דער פאליסי פון דער יוניאן. מען מוז אבער געווינען זייער צוטרויען און זיי ערציען פאר די פליכטען.

דערפאר האט די פירערשאפט פון אונזער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט זיך אלע מאל באצויגען מיט פולען ערענסט צו אונזערע יונגע מיטגלידער און באהאנדעלט זיי מיט רעספעקט און ארבייט אונערמידליך צו אנטוויקלען זייערע איינגעבארענע פיהיגקייטען, אייגענשאפטען און כאראקטער און העלפט זיי באקומען דאס נויטיגע וויסען.

פאר דעם צוועק האבען מיר באשאפען דעם סטודענט קאונסיל וועלכער גייט איצט אונטערן נאמען „סטודענטס פעלאושיפ". צוזאמען מיטן עדיוקיישאנאל דעפארטמענט, ארגאנזשירען די יונגע מענשען פארשידענע אונטערהאלטונגען, טעאטער פארטיעס און אנדערע אונטערנעמונגען און, וואס איז וויכטיג, זיי ציען אריין אין דער טעטיגקייט טויזענדער מיטגלידער לערנענדיג אזוי ארום ווי אזוי צו טאן זאכען, אנטוויקלען זייער ארגאניזאציאנס פיהיגקייטען און פאראנטווארטליכקייט.

עס קלינגען אונז נאך אין די אויערען די פרייליכע, גליקליכע שטימען פון די הונדערטע מיטגלידער אונזערע פון ניו יארק און די ארומיגע שטעט וועלכע האבען זיך באטייליגט אין דער אונטערהאלטונג פון דער סטודענט פעלאושיפ. ביי דער פייערונג און טאנץ וואס איז פארגעקומען אין סענטער האטעל איז געווען א צוזאמענקונפט פון די געוועזענע סטודענטען, לערער און פריינט. עס זיינען זיך דארט צוזאמענגעקומען די עלטערע מיטגלידער, איינגעוואנדערטע פון דער אלטער וועלט פון פארשידענע לענדער און פעלקער מיט די יונגע, אמעריקאנער ארבייטער.

אונזערע מיטגלידער האבען באוויזען, אז זיי קענען ניט נאר קעמפען אויפן פיקעט־לאין, שטודירען אין די קלאסען און אין לעקטשור האלס, נאר זיי קענען זיך אויך אמוזירען, טאנצען און זיך אונטערהאלטען. אלע האבען זיי געטאנצט. די פירער און די רענק און פיילער, אונטער די באגייסטערענדע טענער פון אן אויסערגעוויינליך פיינעם ארקעסטער.

עס איז דארט אויך געוויזען געווארען די ספעציעל געשאפענע מאווי־בילד אין וועלכער עס האבען זיך באטייליגט הונדערטע מיטגלידער פון 22 לאקאל יוניאנס. די איינציגע שטערונג איז געווען וואס עס איז קאליע געווארען דער פראזשעקטאר און די מאווי איז דעריבער געוויזען געווארען שפעט ביי נאכט.

אונזער סטודענט פעלאושיפ קאמיטע וועלכע האט ארגאנזשירט די אונטערנעמונג דארף באגריסט ווערען מיט דעם שיינעם אופן ווי זיי האבען אלעס צוגעגרייט און דורכגעפירט.

### אונזערע בילדונג סענטערס

די טעטיגקייטען אין אונזערע בילדונג סענטערס גייען ווידער אן נאך דעם קורצען אפרו וואס מיר האבען געהאט. די דיסקוסיע גרופען ווערען אנגעפירט פון פיהיגע לערער. עס ווערען אויפגענומען אזוינע געגענשטאנדען ווי די געשיכטע, סטרוקטור און פונקציעס פון אונזער יוניאן, די געזעלשאפטליכע און פאליטישע געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאטען; די באדייטונג פון אמת'ער דעמאקראטיע און דער ביי־טראג פון דער ארבייטער באוועגונג צו דעם, די סאציאלע אויסטייטשונג פון ליטעראטור און ענליכע געגענשטאנדען.

אין די צענטערס ווערט געלערענט טאנצען, גימנאסטיק, בעסקעט באל און אנדערע ספארט שפילען פון קאמפעטענטע לערער. אלע אונזערע מיטגלידער דארפען באזוכען די סענטערס, וועלכע געפינען זיך אין מאנהעטען, הארלעם, ברוקלין און בראנקס.

### באקענט זיך מיט דער שטאט

אלץ מער מיטגלידער פאראינטערעסירען זיך און באטייליגען זיך אין די שפאצירען וואס אונזער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט ארגאנזשירט רעגעלמעסיג צו פארשידענע אינטערעסאנטע פלעצער אין שטאט. היינטיגען מאנאט וועלען מיר האבען צוויי אזוינע שפאצירען: שבת, דעם 4טען מארשט, 2 אזייגער בייטאג, באזוכען מיר די „האל אוו פעים" אין ניו יארקער אוניווערזיטעט. דאס איז א מוזעאום פון בארימטע אמעריקאנער פערזענליכקייטען, אין 179טע סטריט און סעדזשוויק עווענו. נעמט די דזשעראם עווענו סאבוויי אדער 9טע עווענו „על", סטאפט אין בוירנסייד עווענו סטיישאן. מיר טרעפען זיך ביים ארויסגאנג פון דער סאבוויי.

שבת, דעם 11טען מארשט, 2 אזייגער בייטאג — די „היספאניק סאסייעטי", אין 155טע סטריט און בראדוועי. אן אויסשטעלונג פון קונסט זאכען און היסטארישע איבערבלייבעכץ פון די שפאניש שפרעכענדע פעלקער. נעמט בראדוועי 7טע עווענו סאבוויי ביז 157טע סטריט סטעישאן. מיר טרעפען זיך אין לאבי פון מוזעאום.

### „פינס און נידעלס" טעאטער פארטיס

ארענדזשמענטס זיינען געמאכט געווארען צו פארקויפען טיקעטס פאר „פינס און נידעלס" צו מיטגלידער פאר רעדוצירטע פרייזען. שטעלט זיך אין פארבינדונג מיט דעם עדיוקיישאנאל דעפארטמענט.

---

## $5,000 פאר דער אידישער ארבייטער־דעלעגאציע פון פוילען דורך פרעזידענט דוד דובינסקי.

פרעזידענט דובינסקי, וועלכער שטיצט כסדר די אידישע ארבייטער באוועגונג אין פוילען, דעם „בונד", די אידיש־וועלטלעכע שולען, די מעדעם־סאנאטאריע, די יוניאנס, האט געמאלדען דער אידישער ארבייטער דעלעגאציע, אז ער איז גרייט אקטיוו מיטצוהעלפען די ארבייטען פון דער דעלעגאציע. ער האט אויך געמאלדען, אז אלס אויסדרוק פון אנערקענונג פון דער וויכטיגקייט פון די אויפגאבען פון דער דעלעגאציע, וועט ער איר איבערגעבען, חוץ אלע אונטערשטיצונגען, וואס די אידישע ארבייטער און פאלקס־אינסטיטוציעס אין פוילען באקומען ביז איצט דורך דער אינטערנעשאנעל, א ספעציעלע סומע פון פינף טויזענט דאלער.

די מיטגלידער פון דער דעלעגאציע, עמנואל נאוואגרודסקי און ב. טאבאטשינסקי האבען אויסגעדריקט דעם הארציקסטען דאנק פרעזידענט דובינסקי'ן פאר זיין ווארעמער פארשפרעכונג און פאר זיין שטענדיגער זארג פאר די נויטען פון דער אידישער ארבייטער און קולטור באוועגונג אין פוילען.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXI. No. 3. March, 1939

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.